# פּראָגראַם

פון דער

# יידישער שול אין מעקסיקע

מעקסיקע 1948 מאַי

# פּראָגראַם

פון דער

# יידישער שול אין מעקסיקע

אַרויסגעגעבן פון דער יידישער שול
אין מעקסיקע

מאַי 1948

די פּראָגראַם איז אויסגעאַר־
בעט געוואָרן דורך א. גאָלאָמב,
און איז באַשטימט געוואָרן צו
דרוקן ווי די אָפיציעלע פאַר־
פליכטנדיקע פּראָגראַם פון דער
יידישער שול אין מעקסיקע
דורך דעם פּעדאַגאָגישן ראַט
אויף זיין זיצונג דעם 15־טן
אַפּריל 1948.

די פּראָגראַם נעמט אַריין
בלויז די יידישע לימודים, —
די אַלגעמיינע לימודים ווערן
געפירט לויט די מלוכישע פּראָג־
ראַמען פון לאַנד.

# הקדמה

יעדער שול־פּראָגראַם איז א קאָנקרעטיזאַציע פון אַ באַ־שטימטער דערציונגס אידעע, וואָס זי, די אידעע, איז דער יסוד פון דער שול. דער לערן־מאַטעריאַל דאַרף זיין צוגעפּאַסט צו דער צענטראַלער אידעע. די פּראָגראַם פון דער יידישער שול אין מעקסיקע איז אַ רעזולטאַט פון לאַנגע יאָרן פּעדאַגאָגישע זוכענישן צו געפינען און צו פּאַרקערפּערן אַט די נאַציאָנאַל־דערציערישע אידעע פון אַן אַלגעמיינער יידישער שול. די יידישע שול אין מעקסיקע בויט איר דערציונג אויף דעם לעבן און אויף דעם שאַפן פון דעם גאַנצן יידישן פאָלק אין משך פון אונדזער לאַנגער געשיכטע. זי נעמט אָן אונדזער קולטור ווי אַ כסדרדיקע דינאַמישע שעפערישע טראַנספאָרמאַציע, וואָס אין איר איז דאָס לעבן פון פאָלק. דאָס אַריינטראַכטן זיך אין דעם סוד פון אונדזער קיום ווייזט, אַז דאָס איז דער איינציק ריכ־טיקער וועג אין דער דערציונג דורך דער גאַנצער יידישער געשיכטע.

די יידישע שול אין מעקסיקע איז אויף דעם וועג געגאַנגען די גאַנצע 25 יאָר פון איר עקזיסטענץ. דעם בולטן אויסדרוק האָט די אידעע אָבער געפונען אונטער דעם פּעדאַגאָגישן אָנ־פיר פון דעם דירעקטאָר א. גאָלאָמב אין די לעצטע עטלעכע יאָר.

די פּראָגראַם איז נישט קיין אַבסטראַקציע, זי איז אַ רע־זולטאַט פון דער פּראַקטישער אַרבעט אין שול און פון אַלע אירע באַדינגונגען.

מיט דעם פּאַרעפנטלעכן די פּראָגראַם פון אונדזער שול גלייבן מיר צו האָבן אויסגעפילט אַ חוב נישט בלויז לגבי אונ־דזער אייגענער שול, נאָר אויך לגבי דעם גאַנצן יידישן שול־וועזן אין דער וועלט: פון אונדזער אַלעמענס דערפאַרונג אין דער אַרבעט וועט סוף כל סוף קומען די איינהייטלעכקייט אין דער יידישער דערציונג, וואָס זי איז דער יסוד פאַר דער איינ־הייטלעכקייט פון אונדזער פאָלק.

**טוביה מייזעל**

פאָרזיצער פון פּעדאַגאָגישן ראַט

14 אַפּריל 1948

## א. אַלגעמיינע צילן

די צילן פון דער יידישער שול זענען און זיי מוזן זיין נאָר צו דינען דעם קיום האומה. יעדער שול פון איטלעכן פאָלק האָט אייגנטלעך דעם זעלביקן ציל: דורך דער שול און דערציונג בכלל דאַרף מען ממשיך זיין די קולטור פון פאָלק, און כל זמן עס לעבט די קולטור פון פאָלק לעבט אויך דאָס פאָלק — דאָס לעבן פון אַ פאָלק איז דאָס לעבן און דאָס כסדרדיקע אַנוואַקסן פון זיין קולטור.

אָבער ביי אַנדערע פעלקער איז דאָס לעבן פון דער קולטור נישט דער איינציקער אַטריבוט פון קיום, — ביי אונדז — איז עס יאָ אַזוי פון אייביק אָן. ביי אַנדערע פעלקער האָט מען מיט דעם וווקס פון דער טעכנישער ציוויליזאַציע אַריינגעטראָגן אין שול דעם עלעמענט פון טעכנישער אויסבילדונג ווי אַ צוגרייטונג צו אַ פאַך. די יידישע שול האָט נישט דעם קאַריערישן עלעמענט. איז דערפאַר דעם יידישן לערער נישט אין פאַרגלייך שווערער: אין אַ סביבה און אין אַן אַטמאָספער פון נאָר פראַקטישקייט און לערנען לשם קאַריערע דאַרף ער אַפּעלירן בלויז צו דעם „לשמה" אָן קיינע פּראַקטישע רעזולטאַטן אין לעבן. פאַר דעם תלמיד דירעקט איז עס שווערער אָבער אויך ריינער.

דער קיום פון יידישן פאָלק איז פון אַלע מאָל פאַרבונדן נישט מיט דעם קיום פון קיינע מאַטעריעלע אַטריבוטן פון נאַציאָנאַלן אייגנס, אַפילו נישט מיט דעם פיזישן לעבן פון יידן, נאָר בלויז איז עס אַלע מאָל פאַרבונדן מיט דעם המשך און וווקס פון דעם פאָלקס־אינהאַלט — פון דער קולטור. אָט אַזוי איז עס איינגעשטעלט געוואָרן מיט אַ סך מער ווי צוויי טויזנט יאָר דורך די נביאים, דורך זייערע תלמידים, די סופרים און פּרושים, און אַזוי לעבט דאָס פאָלק ביז היינט: דער אינהאַלט פון

פאָלק מוז ווערן דער אינהאַלט פון יעדער לעבעדיקן מיטגליד פון פאָלק — דאָס איז דער ציל און דער גאַנצער זינען פון דער יידישער דערציונג, פון דער יידישער שול.

פאַר אונדז, דעם פאָלק וואָס איז מער ווי אַלע אַנדערע צע־זייט און צעשפּרייט איבער אַלע לענדער, צווישן אַלע פעלקער, צעברעקלט איבער אַלע אומות און צעפּיצלט איבער אַלע לשו־נות, — פאַר אונדז איז דער קיום האומה ענג פאַרבונדן מיט דער אחדות האומה, דאָס הייסט — די שפּראַכלעך־קולטורעלע אייגהייטלעכקייט ווערטיקאַל — דורך דער געשיכטע, און האָרי־זאָנטאַל — איבער אַלע יידישע ישובים היינט. אין דעם איינ־שטעלן און פאַרפעסטיקן די אחדות האומה דורך דער אחדות פון קולטור־שטייגער איז געווען די גאַנצע אַרבעט פון חכמי התלמוד, פון די גאונים, פון אַלע שפּעטערדיקע קאָדיפיקאַטאָרן ביי יידן. די אחדות האומה האָט מען געשטרעבט איינצוהאַלטן אין דער פאַרשפּרייטונג דורך דעם גלויבן אין אחדות הבורא. „שמע ישראל!" און כל זמן עס איז ה' אחד (גאָט און יידישקייט איז אַלץ איינס) וועט אויך זיין „ישראל אחד".

פון דער יסודותדיקער אייביקער הנחה איז שוין גרינג צו קומען צו אַלע אויספירן וועגן אינהאַלט און פּראָגראַם פון דער יידישער שול: זי מוז זיין אַן אייגהייטלעכע, פאַר גאַנצן פאָלק, פאַר אַלע טיילן און ריכטונגען, אויף דער גאַנצער קולטור פון פאָלק. מהאי טעמא זענען אַלע פאַרטיי־שולן, מיט פאַרציאַלע אידעאָלאָגיעס און טיילן פון קולטור לכתחילה פּסול און פאַלש. די אַלע זענען אַ תולדה פון דער אַלטער משכילישער אַנטיטעזע צו דער יידישער טראַדיציע, — און מיר שטייען איצט פאַר דעם גרויסן יידישן קולטור־סינטעז: איין פאָלק, איין קולטור און איין שול.

— ב —

די שול קען נישט פאַרהיטן דעם קיום פון צאָלן לעבעדיקע יידן. זי קען אָבער און זי מוז איינהיטן און איינפלאַנצן אין די כסדרדיקע דורות דעם אינהאַלט פון יידישקייט, ד"ה די שאַפונ־גען פון יידנטום — זיין קולטור און שטייגער, — און דערפאַר איז עס אַ חטא נישט מוחל צו זיין דאָס פאַרמיידן פון די קינ־דער די שאַפונגען פון פאָלק אין די היינטיקע דורות — די נייע קולטור אונדזערע. עס איז נישט קיין פאַרטיי־אַמביציעס און נישט קיין פּאַרטיקולאַרע אידעאָלאָגיעס, — עס איז די זאָרג

פאַר דעם קיום פון פאָלק, וואָס צווינגט אונדז צו לייגן אַזוי פיל אַכט אויף די מאָדערנע שאַפונגען פון פאָלקס־קולטור. די שע־פער פון דער יידישער אייביקייט האָבן דאָס גוט פאַרשטאַנען און זיי האָבן געזאָגט, אַז גאָט האָט געשלאָסן אַ בונד מיט יידן נאָר צוליב דער תורה שבעל פה; וואָס זי איז די כסדרדיקע נייע שאַפונגען פון פאָלקס גייסט (גיטין ס׳). עס איז שוין דעמאָלט געווען דער באַוווסטזיין: אַז לערנען נאָר דאָס אַלטע, דאָס אַמאָ־ליקע, דאָס וואָס איז שוין לאַנג פאַרהייליקט געוואָרן דאָס איז „מינות", דאָס איז פאַראַן אויך ביי רב האי גאון און ביי רש"י, הגם דער תנ"ך איז אַזוי הייליק געווען. אַזוי מוזן מיר אויך היינט בויען אונדזערע פּראָגראַמען פון לערנען און דערציען אויף די נייע און גייסטע קולטור־שאַפונגען כדי פון זיי צו קו־מען צו די פריערדיקע. איינפלאַנצן ליבע און דרך ארץ צום אייגענעם פאָלק קען מען נאָר דורך ליבע צו די כסדרדיקע שאַ־פונגען פון פאָלק.

די צילן פון דער יידישער דערציונג אין די אַמעריקאַנער לענדער זענען נישט קיין באַלערנדיקע נייערט ריין דערציערי־שע: מען דאַרף דורך דער שול אויסהאָדעווען אַקטיווע און באַ־וווסטזיניקע יידן. אין מיזרח אייראָפּע איז די אַקטיווקייט און דער באַוווסטזיין פון יידישקייט געווען אַ זאַך, וואָס האָט זיך נישט געניטיקט אין דער שול. דאָס לעבן אין דער יידישער היים, אין גאַס און אין געזעלשאַפט האָבן דאָס געגעבן אַן אָנ־שטרענגונג. שבת און יום טוב, דאָס יידישע לשון, די סאָציאַל־יורידישע פאַרזיכיקייט — דאָס אַלץ האָט געמאַכט דאָס קינד פאַר אַ יידן אויב אַפילו ער איז געבליבן אין גאַנצן אָן אַ שול, אָן אַ דערציונג. גאָר אַנדערש איז עס אין די נייע אימיגראַציע־לענדער: אויסער דער שול — אין שטוב און אין גאַס איז קיין יידישקייט נישטאָ, אָדער כמעט נישטאָ. מוז די שול פלאַנצן יידישקייט אין די קינדער. די שול מוז געבן דאָס יידישע לשון, זי מוז געבן דעם יידישן שבת וכדומה נאָך און נאָך מער. זי מוז שאַפן יידישע אַקטיווקייט און יידישן באַוווסטזיין, דאָס וואָס מיר האָבן געקראָגן דירעקט פון לעבן אָן דער הילף פון שול. די יידישע שול אין דער אַלטער היים איז געווען אַן אינפאָרמאַטי־ווע, און מיר דאַרפן איצט דאָ האָבן אַ שול אַ פאָרמאַטיווע. אמת, אויך דאָרטן איז די אינפאָרמאַטיווע שול געווען גענוג נאָר אויף אַזוי פיל; אויף וויפל די יוגנט איז געבליבן לעבן אין דער יידי־שער סביבה. די יוגנט פון די יידישע און העברעישע שולן, וואָס

איז אַריבערגעפּאָרן אין לענדער אָן אַ יידישער סביבה האָט איר יידישקייט נישט אַקטיווירט אין די נייע לענדער. אויך דאָרטן אין מזרח־אייראָפּע הייסט עס, האָט די שול געדאַרפט ווערן פּאַרמאַטיוו.

פּאַרמירן אַ יידן דורך דער שול איז ווייט נישט פון די גרינ־גע אויפגאַבעס. קיין שול פון אַ מערהייטס־פאָלק האָט נישט אַזוינע אויפגאַבעס. אויך מיר יידן האָבן נישט געהאַט פאַר דער שול די אויפגאַבעס כל זמן מיר האָבן געלעבט פאַר זיך ווי כמו אַ מערהייט. די דערפאָלגן זענען ווייט נישט גאַראַנטירט, ווייט נישט זיכער. עס טרעפט אָפט אַז די מאָגערע קי פון דער שוואַ־כער יידישקייט אין דער סביבה עסן אויף די פעטע יידישקייט פון שול. אָבער אַלע מאָל זענען דאָך פאַראַן רעזולטאַטן, און מען מוז שלום מאַכן דערווייל מיט די קנאַפּערע רעזולטאַטן.

ווי געזאָגט אויבן, איז דער ציל פון דער שול יידישע אַק־טיווקייט און יידישער באַוווסטזיין. ווען דאָס לעבן פון דער סביבה איז אַ פאַרזיכיק־יידישעס, גייט דער וועג נאָרמאַל: פון דער אַקטיווקייט קומט דאָס באַוווסטזיין, דער נעשה ברענגט דעם נשמע. דאָס זיין אַ ייד פירט צום יידישן באַוווסטזיין. מיר זענען אין די נייע אימיגראַציע־לענדער פאַרמישפּט אויף אַ פאַרקערטן וועג: דורך דעם באַוווסטזיין פירן צום זיין, דורך דעם יידישן באַוווסטזיין מוזן מיר פירן צו יידישער אַקטיווקייט אין לעבן*).

וואָס מיינט „יידישער באַוווסטזיין" וואָס די שול דאַרף אים איינפלאַנצן?

— עס איז אַ סך מער ווי וויסן פשוט אַז מען איז אַ ייד, אַז מען געהערט צו דעם יידישן פאָלק, און אַז די שינאה צו יידן איז געווענדט אויך קעגן מיר...

---

*) פאַרשטייט זיך, אַז אין אַ פאַל ווען די שול האָט אַרום זיך אַ סביבה ווי קליין זי זאָל נישט זיין, פון אַקטיווער פּראַקטישער יידישקייט אין די היימען, ווערט די גאַנצע אויפגאַבע פון דער שול מיט איין מאָל גרינגער און נאָרמאַלער, און די רעזולטאַטן — ווערן נישט אין פאַרגלייך זיכערער. איז עס טאַקע אויך איי־נע פון די אויפגאַבעס פון דער שול: צו פאַריידישן די היימען דורך די קינדער, דורך דער דירעקטער פאַרבינדונג מיט די עלטערן וכדומה — נאָך איין אַרבעט, וואָס אַנדערע שולן ווייסן נישט פון איר.

מיט דעם וואָרט באַוווסטזיין באַצייכענען מיר דאָ: א וויסן און ליב האָבן דאָס ספּעציפיש־יידישעס, די אייגנטימלעכע אַנ־דערשקייט וואָס אין יידישקייט. און עס איז נישט קיין „שאָוויניזם" ווי עס ווילן אויסטייטשן אַ סך אַסימילאַטאָרן, וואָס האָבן פיינט זייער אייגענע יידישקייט און זיי בלייבן אַרבעטן צווישן יידן נאָר דערפאַר ווייל זיי קענען נישט אַריינדרינגען אין אַן אַנדער סביבה. עס איז נישט קיין שאָוויניזם פונקט ווי די ליבע צו מיין מאַמען איז נאָך ווייט נישט קיין שינאה צו אַנדערע מאַמעס. און דווקא אָט די ליבע צו דער אייגענער מאַמע־יידיש־קייט איז דאָס וואָס מיר מוזן איינפלאַנצן אין די תלמידים. מען מוז געדענקען און קלאָר וויסן יעדער רגע, אַז אויסער דער יידי־שער שול (אָדער דעם יידישן טייל פון דער אַלגעמיינער שול) געפינען זיך נאָך אַלע יידישע קינדער אונטער אַ זייער שטאַר־קער השפעה פון דער אַלגעמיינער שול, ווו מען פלאַנצט אַ ליבע נישט בלויז צום לאַנד, נאָר טאַקע איבערהויפּט צו דעם הערשנ־דיקן מערהייטס־פאָלק. די גאַס, דאָס סאָציאַלע לעבן, צייטונגען, ראַדיאָ און אַלץ אַרום שטאַרקט דאָס באַוווסטזיין פון מער־הייטס־פאָלק אויך ביי די יידישע קינדער. זייער יידישקייט ווערט איינגעשרומפּן הן אין זייער וויסן און הן אין זייערע עמאָציעס: עס איז א סך ליבער צו גיין מיט דעם רוב, מיט דער מערהייט איידער מיט דער מינדערהייט און זיך איינהאלטן נישט צו גיין מיט אַלעמען... די ליבע און דאָס וויסן פון איי־גענער יידישקייט דאַרף עס העלפן ווי אַ קעגן־גיפט קעגן דעם שיפלות־געפיל וואָס דאָס לעבן פון מערהייט פלאַנצט אין די קינדער פון דער מינדערהייט.

צווייטנס, איטלעכער מענטש פון איטלעכן פאָלק האָט אַ נאָרמאַלן „אתה בחרתנו"־געפיל — עס איז אים ליבער און אָנגענעמער זיין פאָלקס טראַדיציע, שפּראַך, עסנס, נעמען און אז"וו, עס איז היימישער, און וואָס היימישער איז ליבער. ביי יידן פעלט דאָס נאָרמאַלע געפיל און די משכילים האָבן עס פאַרשריען ווי אַ „שאָוויניסטישן אתה־בחרתנו־האַס" צו אַנ־דערע כלומרשט. נישט ווייל עס איז אַזוי, נאָר ווייל זיי זענען נעבעך געווען (און זיי זענען נאָך איצט אויך) קראַנק אויף דעם „אַנטי־אתה בחרתנו" — אויף אַ קראַנקהאַפטיקן שיפלות־קאָמפּלעקס.

אָט דאָס וויסן און ליב האָבן דאָס ספּעציפיש־יידישעס דאַרף די שול איינפלאַנצן. דאָס וויסן איז פאַרבונדן מיט מאַ־

טעריאל פון לימודים; ליבע און אַקטיוויקייט זענען פאַרבונדן מיט אַ יידישן אידעאַל. אָן אַזאַ יידישן אידעאַל קען נישט זיין יידישע דערציונג, קיין יידישע שול.

וואָס איז דער יידישער אידעאַל וואָס מוז באַגלייטן די גאַנצע אַרבעט אין שול? — עס זענען פאַראַן צוויי רעדאַק־ציעס פון דעם אידעאַל: איינע פאָרמולירט אים אַזוי — מען דאַרף גרייטן די יוגנט צו אַ יידישן לעבן אין ארץ ישראל. און די צווייטע איז: מען דאַרף גרייטן די יוגנט צו אַ יידישן לעבן אומעטום און אויך אין ארץ ישראל. מיר נעמען אָן די צוויי־טע פאָרמול הגם דאָ איז נישט דאָס אָרט אויפצוקלערן די מאָ־טיוון ברייטער, דאָך זאָגן מיר — עס איז אין הסכם מיט אונ־דזער גאַנצער געשיכטע, מיט איר לאָגיק און אויך מיט דער צוקונפט, ווייל אָן יידישקייט אין גלות קען ארץ ישראל נישט האָבן קיין קיום.

— צי איז מיגלעך אין גלות א יידיש לעבן?

— די גאנצע לאַנגע יידישע געשיכטע לערנט אונדז, אַז — יידישקייט אָדער אויסגעהאַלטן יידיש פאַרזיכיק לעבן איז אין גלות יאָ מיגלעך, אַז אַסימילאַציע איז געווען אין ארץ ישראל אויך, אַז יידישקייט איז נישט קיין פראַגע פון מער־הייט און מינדערהייט, אויך מינדערהייטן קענען זיך איינאָר־דענען א פארזיכיק לעבן ווען זיי שטרעבן דערצו מיט דעם גאַנצן ווילן. און מיר גלייבן, אַז דער עתיד פון פאָלק און זיין גאולה שלמה אין ארץ ישראל איז אָפּהענגיק פון דעם ווילן צו אויסגעהאַלטענער און פולער יידישקייט אומעטום.

בכן, איז די יידישע שול מחויב צו דערציען באַ־וווסטזיניק־וויליקע יידן מיט א אידעאַל צו פולער יידישער פאַרזיכיקייט, דאָס איז די פאָרמאַטיווע אויפגאבע פון דער יידישער שול.

— ווי פלאַנצט מען איין א אידעאַל? — פאַראַן צוויי וועגן אויך דאָ: איין וועג איז אַ קורצער און א גרינגער: מען דאַרף דעם אידעאַל סוגעסטירן דורך פאַרשידענע מיטלען פון פראָ־פּאַגאַנדע און אַגיטאציע. דער וועג איז היינט זייער פאַר־פאַרשפּרייט אין דער וועלט בכלל. און קינדער איז זייער לייכט צו סוגעסטירן.

דער צווייטער וועג איז אַ לאַנגער און אַ שווערער — אָן ביליקער פּראָפּאַגאַנדע און מיט וואָס וויניקער רייד און ווער־טער, „לא תישא את שם האידעאל שלך לשווא", נייערט אים

אויפוועקן דורך סיסטעמאַטישער באַלערנונג, דורך אייגענער דוגמא אין לעבן, דורך שאפן אַן אקטיוו־יידישע סביבה אין דער שול גופא און אויב מיגלעך אויך אַרום דער שול. מיר נעמען אָן דעם צווייטן, דעם שווערן וועג, ווייל נאָר ער איז דערציערייש.

היוצא לנו, אַזביידע עלעמענטן — דאָס באַוווסטזיין און דער אידעאל — ביידע נייטיקן זיי זיך אין אינפאָרמאציע: מיר קענען נישט דערציען קיין יידן נישט לערנענדיק זיי קיין יידישקייט. די שול דאַרף דערציען דורך איר לערנען און דורך דער סביבה וואָס זי איז מחוייב צו שאַפן. און דערציען מיינט — איינפלאנצן א וויסן און א פאָזיטיווע באַציונג צו דער אייגענער יידישקייט, נישט דערפאַר בין איך אַ ייד, ווייל איך בין צום אומגליק געבאָרן געוואָרן פון יידישע עלטערן, נייערט ווייל מיר יידן זענען אַנדערש ווי איטלעך פאָלק איז אַנדערש און איך האָב ליב מיין אַנדערשקייט, מיין נאַציאָנאלע אייגנטימלעכקייט. אָט די באַוווסטזיניקע וויליקייט צו יידישקייט דאַרף און וועט ווירקן צו העלפן שאַפן אַ געזינטערן און מער אַקטיוון געמיט אָן קאָמפּלעקסן. אויך דער באַוווסטזיין מוז זיין איינגעפלאנצט אָרגאַניש, אָן סוגעסטיע, און דאָס פירט אויך צו די צוויי פאָדערונגען — באַלערנונג און סביבה.

אָבער וואָס מיינען מיר מיט דעם טערמין „יידישקייט"?

מיר האַלטן נישט מיט די אָפּוואַרפער און אָפּקלייבער פון יידישקייט, וואָס נעמען אָן איין טייל פון איר כדי אָפּצוּוואַרפן אַלע איבעריקע. מיר גלייבן אַז אַלע גילויים, אַלע אנטפלעקונגען פון יידישן אייגנטימלעכן גייסט און אַלע שאַפונגען זיינע זענען יידישקייט, זענען אונדז טייער ווי אונדזערס, זענען לויט דעם אויסדרוק פון דער טראַדיציע, „למשה מסיני". יעדער שפּראַך וואָס יידן רעדן און וואָס זיי האָבן געערעדט כדי זיך אָפּצושיידן פון אַנדערע פעלקער איז אונדזערע, אַלע שפּראַכן וואָס יידן רעדן כדי צו זיין ענלעך צו אַנדערע פעלקער זענען פרעמדע און פירן צו אַסימילאַציע. דאָס איז וועגן די צילן פון דער יידישער דערציונג: אַ באַוווסטזיניקע און וויליקע אקטיווקייט אין יידישן לעבן לשם דעם קיום פון דער יידישער קולטור און דורך דעם אויך דעם קיום פון פאָלק וואָס איז ליב און טייער.

## ג. פראָגראַם

די צילן זענען מחייב מאַטעריאַל, אינהאַלט, לימודים. דאַרף קומען אַ פּראָגראַם. פּראָגראַמען קענען זיין צווייערליי: אָרגאַנישע און צוזאַמענגעשטעלטע. דאָרטן וווּ מען וויל נאָר אינפאָרמאַציע קען מען האָבן אַ צוזאַמענגעשטעלטע פּראָגראַם: מען דאַרף וויסן דאָס און דאָס, שטעלט מען עס אַריין אין פּראָגראַם. מען זאָרגט נישט אַז דער נייער לימוד זאָל אַרויסוואַקסן פון די פריערדיקע אַרבעטן אין שול, אַז די תלמידים זאָלן פילן דעם נייעם לימוד ווי עפּעס וואָס איז אַרויסגעוואַקסן פון דעם וואָס מען האָט שוין געלערנט פריער.

אַ פאָרמאַטיווע דערציונג מוז האָבן אַן אָרגאַנישע פּראָגראַם. די אָרגאַנישקייט דריקט זיך אויס אין צוויי מאָמענטן: א) אַלע טיילן פון פּראָגראַם, אַלע אַרבעטן זענען אין האַרמאָנישער פּראָפּאָרציאָנעלער גאַנצקייט צווישן אנאנד און ב) אַלע לימודים וואַקסן זיך פונאַנדער און צעצווייגן זיך בהדרגה ווי אַ בוים מיט צווייגן צעוואַקסט זיך פון איין קערנדל און אַלע צווייגן צוזאַמען פילן זייער אָרגאַנישע גאַנצקייט צווישן זיך. די אָרגאַנישקייט פון דער פּראָגראַם דאַרף עס שאַפן די אָרגאַנישע גאַנצקייט און די איינהייטלעכקייט אין דער פילגעשטאַלטיקייט פון דעם געלערנטן אינהאַלט, פון אַלע לימודים, אַזוי, אַז אַלע זיי זאָלן קענען פירן צו איין וועלטבאַנעם, צו איין גאַנצן „איך", וואָס דאַרף אויסוואַקסן אין תלמיד אַ דאַנק דעם לערנען און דער דערציונג.

מען הערט אָפט אין גוט־יידישע און אפילו אין לערערישע קרייזן „אָט זאָל מען אַריינשטעלן אין פּראָגראַם דאָס און דאָס, וואָס איז דער אונטערשייד?". — עס איז אָפט אַ גרויסער אונטערשייד: עס קען זיין אַמאָל ווי אַ פרעמדער אָנוווקס אויף אַן אָרגאַניזם.

די פּראָגראַם וואָס ווערט דאָ געגעבן באַמיט זיך צו זיין אָרגאַניש. זי איז אין דער יידישער שול אין מעקסיקע ווייט נישט קיין נייע. נאָך מיט היפּשע עטלעכע יאָר צוריק ווען די שול

האָט געביטן איר נאָמען, און איז געוואָרן די „יידישע שול אין מעקסיקע" האָט זי זיך געשטעלט אויף דעם וועג. די פּראָגראַם איז פאָרמולירט געוואָרן צום ערשטן מאָל צום לערן־יאָר 1945. אָבער א פּראָגראַם קען נישט איינגעפירט ווערן מיט איין מאָל און ארויסגעגעבן פון אויבן. זי מוז זיך איינשטעלן ביסלעכווייז פון די ערשטע קלאסן אָנגעהויבן, און נאָר בהדרגה גייט די פּראָגראַם אַריין אין לעבן פון דער שול, זי ווערט היי־מיש אייגנס מיט די לערער, די לערער לעבן זיך אַריין אין איר. אַן ארויפגעצוווּנגענע פּראָגראַם בלייבט דאָך תמיד אַן אַרויפגעצוווּנגענע. די פּראָגראַם קען איינגעפירט ווערן אין ד' העכערע קלאַסן ערשט נאָך דעם ווי די יינגערע זענען זי דורכ־געגאַנגען. אַזוי אַרום מוז די שול זיך איינלעבן מיט דער פּראָג־ראַם אין משך פון יאָרן. די פּראָגראַם איז א צווייט מאָל איבער־געררעדאַקטירט געוואָרן צום יאָר 1946 און די איצטיקע אויס־גאַבע איז שוין די דריטע רעדאַקציע. איטלעך מאָל קען מען די זעלביקע פּראָגראַם מער און בעסער אַנטוויקלען. עס האָבן אויך אַ סך אַרויסגעהאָלפן די אויסגאַבעס פון די לערן־ביכער וואָס מיר האָבן איצט צו דער האַנט. אַזוי אַרום איז נאַטירלעך די פּראָגראַם אין משך פון די עטלעכע יאָר שטאַרק אויסגע־וואַקסן, און גאַנץ מיגלעך, אַז מיט דער צייט וועט די אַרבעט אַריבערוואַקסן אויך די איצטיקע פּראָגראַם. דאָך האָבן מיר באַשלאָסן די פּראָגראַם צו דרוקן, ווייל אויף גרויסע ענדערונ־גען ריכטן מיר זיך נישט און אויך מחמת עס זענען געקומען ווענדונגען פון אַנדערע שולן וואָס ווילן האָבן די פּראָגראַם פון אונדזער שול.

דער גאַנצער מאַטעריאַל פאַר דער פּראָגראַם איז געשעפּט פון די אוצרות פון דעם פאָלקס קולטור. עס קען און עס דאַרף זיין צוגעפּאַסט צו דער שול, אָבער עס טאָר נישט זיין געשאַפן לכתחילה פאַר דער שול. און אָט פאַרוואָס עס איז אַזוי:

כדי אַ מענטש זאָל זיין צוגעבונדן צו זיין פאָלק, דאַרף דער אינהאַלט פון זיין פאָלק ווערן זיין אייגענער אינהאַלט. ליבע צום פאָלק איז געמאָלט אָט אַזוי:

מען קען נישט ליב האָבן מיליאָנען מענטשן ווייל זיי זע־נען קינדער פון מיין פאָלק. ווען עס איז אָבער פאַראַן אַן אריינ־געלעבטקייט אין דעם אינהאַלט פון פאָלק (קולטור), דעמאָלט ווערט שוין טייער דאָס פאָלק בכלל און יעדער איינער פון מיין פאָלק ווערט מיר היימיש נאָנט. דערציונג קען זיין געמאָלט נאָר

אויף דעם קולטור־מאַטעריאַל, קולטור־אינהאַלט פון פאָלק. סוגעסטירן, איינרעדן, אריינגעבן אין קאָפּ אַזאַ אָדער אַ צווייטע אידעע קען מען נישט דווקא דורך קולטור, אָבער דערציען, אויסהאָדעווען די נשמה קען מען נאָר דורך דער קולטור פון פאָלק. קיין זאַך וואָס עס איז נישטאָ אָדער נישט געווען אין פאָלק, אין לעבן, דאַרף נישט זיין אין שול. פאַרשטייט זיך אַז נישט אַלץ וואָס עס איז יאָ געווען אין פאָלק דאַרף יאָ אַריין אין שול. פאַראַן ביי יעדער פאָלק פסולת אין לעבן, אין זיין פירונג; פסולת וואָס ווייזט גאָר נישט זיין כאַראַקטער. במילא איז עס נישט די קולטור וואָס אויף איר קען מען דורות דערציען.

צום באַדויערן זענען אַלע אַלגעמיינע לימודים אין אַמעריקאַנער יידישע שולן נישט אין די הענט פון די יידישע דערציער, און פאַר די לעצטע בלייבט זייער אַ שמאָלער געביט — דאָס ספּעציפיש־יידישעס: יידיש, העברעיש און יידישע געשיכטע. עס איז ווייניק, אָבער כל זמן עס זענען נישטאָ קיין דורכויס יידישע שולן מיט אַלע לימודים אין רשות פון די יידישע לערערס געצילט צו יידישער דערציונג, מוזן מיר זיך באַגרעניצן מיט דעם ספּעציעלן שמאָלן געביט פון די „יידישע" לימודים.

מיט דעם וואָרט „יידיש" באַצייכענען מיר דאָ אַ גאַנצן סכום לימודים: שפּראַך — וואָרט־אוצר, דענקען און אַרויסברענגען געדאַנקען, גראַמאַטיק סטיליסטיק; ליטעראַטור: מעשהלעך, פאָלקסשאַפונגען, קונסטווערק, באַהאַוונטקייט אין די אוצרות פון פאָלקס שאַפן. דאָס זעלביקע איז אויך נוגע צו פּאָעזיע. דריי מדרגות: שאַפונגען פון פאָלק, אין גייסט פון פאָלק און אינדיווידועלע קינסטלער.

ווען אַ מענטש מאַכט דורך די אַלע מדרגות נישט בלויז אויף קליינע מוסטערן ווי פון אַ קאַטאַלאָג, נאָר ער האָט זיך אַריינגעלעבט אין זיי, — דער מענטש האָט אין זיך אַריינגעזאַפּט דעם פאָלקס גייסט, זיין דענקען, זיין באַציונג צו זאַכן, זיין וועלט־באַנעם — דער מענטש איז אַריינגעלעבט אין זיין פאָלק. ער וועט זאָרגן דעם פאָלקס זאָרגן און פרייען זיך מיט דעם פאָלקס פריידן. ער איז אַ באַוווסטזיניק קינד פון פאָלק. מיט דעם וואָרט העברעיש פאַרשטייען מיר אַ גרויסן קאָמפּלעקס געביטן און לימודים: חומש און תנך, תלמודישע און נאָך־תלמודישע ליטעראַטור, מאָדערנע ליטעראַטור, שפּראַך — וואָרט־אוצר, גראַמאַטיק ביז פאַרשטיין טעקסטן און זיין היי־

מיש אין דעם אוצר יידישע קולטור וואָס איז אין זיין העברעישן לבוש געוועזן גאַנגבאַר אין יידישן לעבן, ווי אויך קענען אריינ־דרינגען אין דעם נייעם אוצר קולטור וואָס שאַפט זיך איצט אין העברעיש.

די ביידע געביטן — יידיש און העברעיש האָבן איין וואָרצל אין דעם קולטור־באַגאַזש פון די ערשטע קלאַסן. דאָס העברעי־שע צווייגט זיך אָפּ ביסלעכווייז שוין אין די ערשטע צוויי קלאַסן פון פאָלקשול ווי א באַזונדער געביט פאַר דעם בא־ווסטזיין פון די קינדער. דאָך בלייבן זיי די גאַנצע צייט גיין צוזאַמען. עס איז נישט נאָר אַ אידעאָלאָגישער איינשטעל אַז יידיש און העברעיש זענען נישט קיין צוויי באַזונדערע קול־טורן, צוויי קריגערישע מחנות, נייערט זיי זענען איין קולטור, ווי צוויי אויגן אין איין קאָפּ וכדומה. עס איז אויך א ריין די־דאַקטישע וויכטיקייט — אין יידישער קולטור איז נישטאָ קיין מחיצות, קיין גרעניצן — דאָס איז דער גבול פון העברעיש און דאָ הייבט זיך אָן די גרעניץ פון יידיש. מיט דעם אָפּגעּ־היטן אָפּטיילן דאָס העברעישע און דעם העברעישן עלעמענט דערגרייכט מען פאַרקערטע רעזולטאַטן: די קינדער האָבן מורא פאַר די שווערערע ווערטער און זיי מיידן זיי אויס.

דער קורס פון תנ״ך האָט דריי קאָנצענטער. אין משך פון אַלע עלף יאָר שול: א) חומש אין יידיש מיט קורצע פסוקים אויף העברעיש. דער קאָנצענטער ענדיקט זיך אין דריטן קלאס פאָלקשול. ב) תנ״ך אין יידיש און מיט קלענערע און אַלץ גרעסערע פראַגמענטן אין העברעיש — פון פערטן קלאַס פאָלקשול ביז דעם דריטן קלאַס מיטל שול. ג) אין פּרעפּאַראַ־טאָריע און סעמינאר — דער גאנצער מקור און טיילווייז מיט מפרשים.

אין העברעיש איז די שטרעבונג פון דער פּראָגראם צו דערפירן די קינדער ביז צו קענען אליין לייענען א טעקסט אין מקור, ביז זיי זאָלן זיין באַהאַוונט מיט מוסטערן פון דער הע־ברעישער ליטעראַטור אין אַלע דורות. מיר ווייסן די שווע־ריקייטן, אָבער מיר האָפן אַז די מעטאָדן און די צוגעפּאַסטע לערן־ביכער וועלן אונדז העלפן דעם ציל צו דערגרייכן. און נאָך עפּעס: אַזוי ווי מיר זענען נישט קיין יידישיסטן און נישט קיין העברעיסטן און אונדז גייט נישט וועגן געבן די קינדער אַזאַ אָדער אַ צווייטן סכום ווערטער, — עס גייט וועגן קול־טור־ווערטן צוזאַמען מיט זייער וואָרט־לבוש, זענען די שאנסן

אַ סך גרעסער. ווארום ווען מען לערנט אַ שפּראַך צוליב די ווערטער, פאַרגעסט מען אויך די ווערטער. א קאָפּ קען נישט זיין קיין ווערטערבוך צו געדענקען ווערטער. דערפון נעמט זיך די דערשְיינונג, וואָס פון דעם אַזוי אינטענסיוון לערנען העברעיש אין אַזוי פיל שולן קומען לגמרי נישט אַרויס קיין העברעיש־לייענער און די עצם שפּראַך וואָס די קינדער קענען בעתן לערנען גאָר נישט שלעכט, ווערט פאַרגעסן זייער גיך, און עס טרעפט זיך גאָר נישט זעלטן אַז די זעלביקע קינדער פאַרשטייען נישט שפּעטער וואָס זיי אַליין האָבן קינדוויַיז געשריבן. עס איז דערפאַר ווייל דער אינהאלט וואָס איז געלערנט געוואָרן מיט די העברעישע ווערטער צוזאַמען האָט זיך נישט פאַרבונדן מיט דער אַפּערצעפּציע אין די מוחות פון די קינדער: מיר קענען פאַרגעדענקען בלויז גאַנצע קאָמפּלעקסן, גאַנצע געדאנקען צוזאַמען מיט זייער ווערטער־לבוש, אָבער בשום אופן נישט קיין ווערטער אָן געבונדענע אינהאַלטן. זיי זענען דעמאָלט געגליכן צו צעשאָטענע קרעלן אָדער פּערל וואָס זענען נישט אָנגעצילט אויף איין שנירל. גאָר אַנדערש איז דאָס ווען מען לערנט פרעמדע שפּראַכן וואָס מען הערט זיי אין דער סביבה, דעמאָלט קען דאָס לערנען ווערטער אויך ברענגען נוצן: דאָס ארומיקע לעבן וועט שוין פון די צעשאָטענע ווערטער שאַפן גאַנצע געדאנקען־שנורן. אַנדערש איז עס אָבער מיטן לערנען העברעיש אין סביבות ווו מען רעדט נישט די שפּראַך, ווו מען נוצט כמעט די שפּראַך נישט אויך אין רעליגיעזן לעבן. דאָ מוז די שול געבן די ווערטער נאָר אין א פעסטער פאַרבינדונג מיט גאַנצע אָנהאלטן, וואָס דאַרפן ווערן אַ טייל פון דעם גאַנצן קולטור־אינהאַלט פון דעם תלמיד און דעמאָלט וועט אויך דער ווערטער־לבוש נישט גיין פאַרלאָרן. ווען טאַקע אין די ערשטע קלאַסן נישט קענען דערגרייכט ווערן קיין דעמאָנסטראַטיווע רעזולטאַטן ווי קינדער דעקלאַמירן „אַזוי שיין" הכלב על השולחן און השולחן על הכלב, אָבער אין לעצטן סך הכל ווערן דערגרייכט רעזולטאַטן פונקט פאַרקערטע, — און די נאַטקייט און דאָס אריינדרינגען אין די אוצרות פון אונזער קולטור אין העברעיש זענען ביי אונדזער מעטאָד א סך טיפערע. עס איז אויך דער דרך ארוכה וקצרה — אַ לאַנגער וועג, אָבער אַ זיכערער.

כדי דעם מאַטעריאל בעסער צו פאַרפיקסירן, איז ביי העברעיש נייטיק א סך מערער ווי אין אנדערע געביטן דאָס

געלערנטע ווי אָפּטער צו דערמאָנען אויף די ווייטערדיקע לעקציעס. דאָס העלפט מערער ווי לערנען אויסנווייניק.

יידישע געשיכטע האָט אויך אין פּראָגראַם דריי קאָנ־צענטערס: אין די ערשטע קלאַסן באַשטייט זי פון מעשהלעך וועגן העלדן און פאַקטן, דערציילונגען פון אַמאָל. אויך די מע־שיות ווערן קאָמפּליצירטער און ענדערן זיך פון די ערשטע קלאַסן ביז דעם זעקסטן קלאַס פאָלקשול. דער פּרינציפּ אָבער איז דער זעלביקער. דערצו ווערן די מעשיות פון די ערשטע קלאַסן דאָך קאָרעגירט מיט דעם תנ"ך־לימוד, בעת פאַר דעם שפּעטערדיקן קורס פון דער יידישער געשיכטע אין פאָרעם פון דערציילונגען, האָבן מיר נישט קיין עקוויוואַלענטן ליטעראַ־טור־מאַטעריאַל. איז גוט וואָס די קינדער קענען שוין באַנעמען דעם קורס טיפער, ערנסטער נישט בלויז ווי מעשהלעך.

דער צווייטער קאָנצענטער פאַלט אויף דער מיטלשול. דאָ ווערן גענומען אין אַכט מער די געשיכטלעכע פאַקטאָרן אידער די פאַקטן, די סיבות און די תולדות פון די געשיכטלעכע פּראָ־צעסן, די אַנאַלאָגיעס צווישן פאַרשידענע תקופות. עס דאַרפן אויך קומען אומבאַדינגט פאַרגלייכן מיט דער געשיכטע פון אַנדערע פעלקער וואָס ווערט געלערנט אין דער אַלגעמיינער כּייל פון די לימודים. דאָס קען נאָר דער יידישער לערער פאַרבינדן, פאַרקניפּן אונדזער געשיכטע מיט דער זעלביקער פון אַנדערע פעלקער. מיר לעבן דאָך נישט אין א וואקום.

דער דריטער קאָנצענטער פאַלט אויס אויף דער פּרעפּאַ־ראַטאָריע און אויף דעם סעמינאַר. דאָ באַמיען מיר זיך אַריינ־צופירן די תלמידים אין די גרונט־פּראָבלעמען פון דער היס־טאָריזאָפיע, אין די ספּעציפישקייטן פון אונדזער גאַנג דורך דער אייביקייט.

צום באַדויערן פאַרשפּאָרן מיר, די יידישע לערער אין די אַמעריקעס צו זאָרגן וועגן דער פּראָגראַם פון אַלגעמיינע לי־מודים א חוץ די דריי הויפּט־געביטן וואָס מיר האָבן דאָ באַהאַנדלט.

איניקע מעטאָדישע פּרינציפּן מוזן דאָ אונטערגעשטראָכן ווערן:

דער גאַנצער מאַטעריאַל פאַר דער פּראָגראַם מוז גענו־מען ווערן דורכויס פון די אוצרות וואָס מיט זיי האָט דאָס פאָלק געלעבט. עס איז נישט ווייל מיר אנערקענען נישט קיין פרעמדע קולטורן און זייער ווערט. חס ושלום. נייערט אונדזע־

רע קינדער לערנען פרעמדע קולטורן א סך מער צייט און זייער קאַריער איז דערמיט פאַרבונדן. מוזן מיר דאָס ביסל צייט וואָס איז אין אונדזער רשות אויסנוצן אויף אונדזערס. די גאַנצע סביבה און איר אַטמאָספער איז אָנגעפילט מיט פרעמדע אינהאַלטן, און די יידישע שול איז מחויב נישט צו דערלאָזן עס זאָל זיך אַנטוויקלען א ביטול־באַציונג: „מ׳שטיינס געזאָגט וואָס מיר פאַרמאָגן לגבי אַנדערע". און ווידער — ויל מען דאָס קינד זאָל זיין אַריינגעלעבט אין פאָלק, מוז דער אינהאַלט פון פאָלק ווערן זיין אינהאַלט. נאָר דער קען ליב האָבן באמת, — נישט דורך אויטאָסוגעסטיע, נישט זיך איינרעדן,— זיין פאָלק, ווער עס איז באַהאַוונט אין דעם גייסטיקן אינהאלט פון זיין פאָלק. עס איז דער פירוד הלבבות געוואָרן ביי יידן אַזוי גרויס טאַקע דערפאַר ווייל מענטשן זענען אויסגעוואקסן אין פאַרשידענע קולטור־אינהאַלטן, און נאָר דער אייגענער אינהאַלט פון פאָלק קען צונויפצעמענטירן צוריק איין פאָלק. עס קען, אמת, געמאָלט זיין און עס איז בפירוש פאַראַן א יידישער נאַציאָנאַליזם — און אָפט א גאַנץ שטאַרקער — וואָס איז נישט פאַרבונדן מיט די קולטור־אינהאלטן פון יידישן פאָלק. אָבער אָט דער נאַציאָנאַליזם איז נישט בלויז נישט נוציק, נישט שעפעריש, ער איז אויך שעדלעך: דאָס איז דער נאציאָנאַליזם מחמת יאוש. ער איז נאָכמאַכעריש, ער איז תמיד פאַרבונדן מיט שיפלות־קאָמפּלעקסן, און ער קען קיין קולטור נישט שאַפן. דער דאָזיקער איינגערעדטער, סוגעסטיווער נאַציאָנאַליזם אָן קולטור־אינהאַלטן פון פאָלקס ירושה איז שעדלעך אויך דערמיט וואָס ער מוז פירן צו אַ ריס צווישן דער יוגנט וואָס ווערט דערצויגן און דעם פאָלק: „דאָס פאָלק איז גאָרנישט, מיר זענען גאָר". צו פיל דוגמאות האָבן מיר אין אונדזער לעבן פון דעם ריס צווישן דער כלומרשט נאַציאָנאַל דערצויגענער יוגנט און זייער פאָלק. דער טראַגישער ריס לאָזט זיך פילן אומעטום ווו מען האָט ביי אונדז דערצויגן א יוגנט אויף נאַציאָנאַלע עמאָציעס אָן נאַציאָנאַלע אינהאַלטן. די וואָס האָבן אויגן צו זען און א מוח צו פאַרשטיין און אַ האַרץ צו פילן די וועלן מער דעם טראַגישן טעות נישט מאַכן.

בכן איז דער ערשטער פרינציפּ פאַר דעם אָפּקלייב פון מאַטעריאַל פאַר דער שול די גאַנצקייט פון דעם מאַטעריאַל איז פאָלק־באַוווסטזיין איצט און פריער.

דער צווייטער פרינציפּ וואָס מען טאָר נישט מיד ווערן

אים איבערצוחזרן, אַז דאָס באַאַרבעטן דעם מאַטעריאַל, יעדער מעטאָדישן איינס מוז זיין אַן אַנאַליטישער — פון דעם אַלגעמיינעם צו די דעטאַלן, פון די אידעען אין ווערק צו זיין אינהאַלט און צו די פּרטים. דער בעסטער און פאַסיקסטער מאַטעריאַל פאַרלירט זיין דערציערישן ווערט אויב מען העלפט נישט די קינדער אַרויסציען זיינע אידעען, און פון די אידעען קומען צו דער קאָנסטרוקציע און צו די דעטאַלן. דאָס דענקען און איבערלעבן דאָס ווערק, די דערציילונג, די פּאָעמע, איז וויכטיקער ווי פאַרשטיין און דאָס וויסן אַלע ווערטער און אויסדרוקן. דאָס ריכטיקע באַהאַנדלען דעם מאַטעריאַל פון עמאָציאָנעלן סינקרעטישן אויפנעמען גאַנצערהייט צו דעם אינטעלעקטועלן אַנאַליז און פון דעם צו דער סינטעטישער פאַרבינדונג איז וויכטיקער ווי דער אויסוואַל פון דעם מאַטעריאַל גופא.

און דער דריטער פּרינציפּ איז, אַז יעדער מאַטעריאַל אַפילו דער בעסטער, ווען ער ווערט נאָר געלערנט אָבער נישט באַאַרבעט, נישט פאַרבונדן מיט דער אַקטיווקייט פון די קינדער אין דער אָדער יענער פאָרעם, אויף דעם אָדער א צווייטן אופן, האָט נישט קיין דערציערישע ווירקונג אויף די קינדער, און דערפאַר איז אין יידישע שולן, וואָס מוזן זיין דערציערישע, פאָרמאַטיווע, דער אַקטיווער מאָמענט, די פאַרשיידענע פאָרמען פון אַרבעט, וואָס זענען אין פּראָגראַם אָנגעוויזן נישט ווייניקער וויכטיק, ווי דאָס עצם גרייטן די לעקציעס.

מיר טאָרן נישט מיד ווערן כסדר צו באַטאָנען די וויכטיקייט פון דעם „אַקטואַליזאַציע מעטאָד". צוויי וועגן זענען זיי: היסטאָריזאַציע פון געלערנטן מאַטעריאַל: קלאָר מאַכן פאַר די תלמידים דעם דריילינג: צייט, אָרט און סיטואַציע ווען דאָס ווערק איז געשאַפן געוואָרן, אָדער ווען די געשיכטלעכע דערשיינונג איז פאָרגעקומען. מיט אונדז און מיט אונדזער לעבן היינט דאָ ווו מיר לעבן דאַרף דער מאטעו אל נישט האָבן קיין דירעקטע שייכות: עס איז דאָך ווייט פון אונדז אין צייט און אין שטח.

דער צווייטער, אַקטואַליזאַציע מעטאָד פאַרלאַנגט אַז אַלץ וואָס עס ווערט געלערנט אין שול דאַרף און מוז אָנגעמאָסטן ווערן אויף אונדזער לעבן היינט און דאָ, אַלץ מוז אקטואַליזירט ווערן. נישטאָ קיין נייטראַלע און פאַר אונדז ווייטע לערן־אָביעקטן, אַלץ, פאַרקערט, איז און מוז זיין פאַר אונדז היינט און דאָ

אַקטועל וויכטיק. איז עס אַ קאַפּיטל תנ"ך, רעדט דער נביא נישט צו די אַמאָליקע לאַנג פאַרגאַנגענע יידן, נייערט ער רעדט צו אונדז אויך. עס מוז פאַרגליכן ווערן און עס דאַרפן געמאַכט ווערן אויספירן טאַקע פאַר אונדזער היינט. איז עס אַברהמס לך לך, — איז עס דער לך לך פון אַלע יידן, אומעטום; איז די עקדה גאַר נישט קיין זאַך וואָס איז פאַרגעקומען איין מאָל; איז סדום אויך היינט פאַראַן מיט אַלע פּיטשעווקעס, און ער וואָרט אויף זיין חורבן... איז דער „וילכו בדרכי הגויים אשר סביבותיהם" אויך כסדר אקטועל, אאַז"וו.

איז עס אַ דערציילונג פון פרצן — איז עס ווידער נישט סתם אַ סיפור המעשה, — עס זענען כסדר אונדזערע היינ־טיקע פּראָבלעמען אנגעקליידט אין קונסט, עס זענען אונדזע־רע פּראָבלעמען פון אונדזער לעבן. איז עס ביאַליקס אַ פּאָ־עמע, איז עס ווידער נישט אַנדערש. מיר טאָרן נישט האָבן אין שול קיין „אָביעקטיוון", וויטן לערן־מאַטעריאַל. אַלץ וואָס מיר לערנען איז אַ משל פאַר אונדזער לעבן, וואָס איז דער נמשל פון דער „תורה". און איבערהויפּט איז עס שייך צום געשיכטע־לימוד. ווי גרויס און לאַנג ווערטיקאַל און ווי ברייט האָריזאָנטאַל אונדזער געשיכטע זאָל נישט זיין, איז זי דאָך זייער מאָנאָטאָן. איטלעכע דערשיינונג אין אונדזער לע־בן איז אַן איבערחזורונג פון דערשיינונגען וואָס זענען שוין געווען פיל מאָל. אונדזער געשיכטע איז איין גרויסע ספּיראַל און ביים לערנען איין תקופה מוזן מיר תמיד באהאנדלען די פּאַראַלעלע דערשיינונגען פון היינט און פון אַנדערע תקופות.

דער מעטאָד פון אַקטואַליזאַציע „רייסט אַרויס" שאַפונ־גען און דערשיינונגען פון זייער צייט און אָרט און ער מאַכט פון זיי אייביקייטן. ער פירט צו די פאָרמולעס פון דער גע־שיכטע. דאָס איז אונדזער, יידישער צוגאַנג, און ער איז נישט אין פאַרגלייך פרוכטבארער ווי דער גריכישער היסטאָריזאַ־ציע־מעטאָד.

אגב, העלפט דער מעטאָד פון בסדרדיקע פאַרגלייכן און דערמאָנונגען בעסער צו געדענקען דאָס געלערנטע און מען פאַרשפּאָרט אָפטע איבערחזורונגען.

דעם אַקטואַליזאַציע מעטאָד טאָר דער יידישער לערער קיין מאָל נישט פאַרגעסן ווען ער איז אין קלאַס.

אין דער פּראָגראַם זוערט אין גאַנצן נישט אַנגעוויזן דער געלעגנהייטלעכער מאַטעריאַל, ווי למשל, יום־טובים, געבאָ־

טענע און באַשטימטע, אונטערנעמונגען וכדומה. דער מאַטע־ריאַל איז אומגעהייער וויכטיק, ער קען אָבער נישט רעגלאַ־מענטירט ווערן, זיין פּראָגראַם קען נישט און דאַרף נישט פיקסירט ווערן. אגב, איז עס מער שייך צום שטייגער פון שול. פאַר זיך גופא איז דער שול־שטייגער נישט ווייניקער וויכטיק, ווי די פּראָגראַם מיט די לימודים, אָבער אין רעגלאַ־מענטירטער פּראָגראַם דאַרף מען עס נישט אַריינגעמען, ווי אויך די פאַרשיידענע געלעגנהייטלעכע שמועסן וכדומה.

מען דאַרף אָבער אויך דאָ געדענקען איין פּרינציפּ: דער שול־יום־טוב מוז זיין פאַרבונדן מיט דער כסדרדיקער וואָכע־דיקער לערן־אַרבעט: דער אינהאַלט פון די יום־טובים מוז געשעפּט ווערן פון די נאָרמאַלע לימודים. די וואָך איז א צו־גרייטונג צום יום־טוב, דער יום־טוב מוז זיין א דערגענצונג צו דער וואָך. קיין אָפּגעריסענע יום־טובים, נישט פאַרבינדענע מיט די לימודים, דאַרפן אין שול נישט זיין.

## קינדער גאָרטן

### דאָס ערשטע יאָר

אין משך פון יאָר דאַרפן די קינדער זיך אויסלערנען:

קענען זיך צוזאַמענריידן אויף יידיש, זינגען אַ סכום יידישע לידער, שפילן אָרגאַניזירטע און אימפּראָוויזירטע שפּילן אין יידיש, די צייטן פון טאָג, די נעמען פון די טעג, ציילן ביז צוואַנציק, די נעמען פון די געוויינטלעכע קאָלירן, מאכלים, בגדים, מעבל אין שטוב און אין שול, משפחה, כלים און מכשי־רים, אַרבעטן, די גלידער פון קערפּער, אַ צאָל קורצע דעקלאַ־מאַציעס און מעשיות. זיי דאַרפן זיין באַקאַנט מיט די געוויינט־לעכע געוויקסן, בלומען און ביימער. זיי דאַרפן זיך אויסלערנען און צוגעוווינען צוצוקוקן זיך צום לעבן פון די נאָנטע באַשעפע־נישן, שטוביקע היות און פייגל און קענען דערציילן וואָס זיי זעען.

די פּראָגראַם פון קינדער־גאָרטן איז געבויט אויף:

רעגולאַמין, שמועס, אַרבעט, שפּיל, מעשהלעך, געזאַנג און מוזיק.

אין צימער דאַרף זיין אַ שטייג מיט פייגל, בלומען, אויפ־שריפטן און בילדער, אַ זייגער. רעגולאַמין: די צייט פּאַרטיי־לונג אין משך פון טאָג איז אָבליגאַטאָריש. די קינדער האָבן זייערע באַשטימטע ערטער ביי די טישן און ביי די שפּילן, זייערע באַשטימטע ערטער פאַר די אויבערשטע בגדים און פאַרן עסן. אויף די לעצטע צוויי ערטער דאַרפן זיין אויפגעע־שריבן די נעמען פון די קינדער (נישט געדרוקט!) מיט גרויסע אותיות, כדי די קינדער זאָלן זיך צוגעוווינען צו דערקענען זייער נאָמען געשריבענערהייט.

אין עטלעכע חדשים נאָכן אָנהייב פון יאָר דאַרפן ווערן אָרגאַניזירט משגיחים, וואָס היטן די ריינקייט, ראַמען אויף דעם צימער נאָך דעם עסן, גרייטן צו דאָס עסן אויף טעלער. די ערטער פון די קינדער ביי די טישן צום עסן מוזן אויך זיין שטענדיקע. די נעמען פון די משגיחים דאַרף די לערערין אין מיטן יאָר אָנהייבן צו שטעלן אויף אַ טאָוול אין קלאַס. די משגיחים רייניקן די שטייג און גיבן עסן די פייגל. די אָרדענונג פון די קינדער ביים אויסשטעלן זיך צו גיין אין גאָרטן, צום אויטאָבוס מוז זיין אַ שטענדיקע און אַ באַשטימטע. די משגיחים גיבן אַכטונג צי די קינדער לאָזן נישט איבער קיין זאַך פאַרן אַוועקפאָרן אַהיים.

שמועסן: וועגן דעם אָנטאָן פון די קינדער, וועגן זייער עסן און פאַרברענגען אין דער היים, וועגן באַשטאַנד פון דער משפּחה, וועגן געשעענישן אין גאַס וכדומה, וועגן זייער לעבן אין קינדער־גאָרטן און וועגן זייער אַרבעט, וועגן דעם וואָס זיי זעען אויף די שפּאַצירן וכדומה. לויט בילדער פון קינדער־ביכער.

אַרבעטן דאַרפן זיין אַלע טאָג אין באַשטימטער צייט לויטן רעגולאַמינען. זיי דאַרפן זיין פון פּלאַסטילין, פון פּאַפּיר — אויס־שערן, קלעפּן, פלעכטן, פון בוי־קאַסטנס, אין גאָרטן פון שול, אַלבאָמען פון אויסגעשניטענע בילדער וכדומה.

שפּילן: רויקע אין צימער און באַוועגלעכע אין דרויסן. גוט זיי צו באַגלייטן מיט געזאַנג, דאָס זענען אָרגאַניזירטע קאָ־לעקטיווע שפּילן. אַ חוץ זיי דאַרפן זיין אינדיווידועלע שפּילן מיט צאַצקעס. אַ ליאַלקע־צימער, בוי־קאַסטנס וכדומה.

מעשהלעך דאַרפן אַריינגעפירט ווערן נישט אין אָנהייב יאָר. זיי דאַרפן זיין צוערשט קורצע, פון עטלעכע זאַצן באַ־גלייט מיט בילדער, מיט באַוועגונגען, מיט ריטמיק, מיט גע־זונגענע פראַזעס, מיט שמועסן וואָס לאָזן זיך אינסצעניזירן אין פּערזאָנען. די מעשהלעך דאַרפן זיך איבערחזרן ביז די קינ־דער וועלן זיי קענען איבערדערציילן אָדער איבערשפּילן אַ־ליין. די מעשהלעך דאַרפן זיין פון אָנהייב אימפּראָוויזירטע פון דער לערערין. זייער סיוזשעט נעמט אַרום די נאָענטסטע סביבה פון די קינדער. ביסלעכווייז קענען די מעשיות ווערן לענגערע.

געזאַנג דאַרף געפירט ווערן אַלע טאָג אין באַשטימטע צייטן. אויך די לידער מוזן באַגלייט ווערן מיט ריטמיק, מיט באַ־וועגונגען און מיט שפּיל.

מוזיק דאַרף דעמאָנסטרירט ווערן פאַר די קינדער איבער־הויפּט פון דעם גראַמאָפאָן אַ צוויי מאָל אַ וואָך. עס קענען אויך זיין קינדער מוזיקאַלישע, וואָס זאָלן זינגען פאַר די קינדער. די מוזיק קען ווערן באַגלייט מיט ווערטער אפילו אויב די קינדער פאַרשטייען זיי נישט.

דער סדר פון אַ טאָג אַרבעט קען זיין אַזוי: ווען די קינדער קומען צופאָרן דאַרף די לערערין זיין אין צימער און זיי איבערנעמען. די קינדער לייגן אַוועק זייער עסן און אויבער־בגדים און זעצן זיך אויף זייערע ערטער. דעמאָלט הייבט זיך אָן דער טאָג אַרבעט. פון אָנהייב קומט אַ קורצער שמועס: גוט מאָרגן, וואָס ווער עס האָט געבראַכט צום עסן, וועגן דעם אָנטאָן פון די קינדער וכדומה, טעכנישע זאַכן. ווער עס פעלט, וואָסער טאָג עס איז, וואָס מען דאַרף טאָן אין גאָרטן היינט, וואָס עס איז געשען אין היימען, אין גאַס, וואָס מען האָט געבראַכט ווי בילדער וכדומה. שפּעטער קומען עטלעכע לידער געזונגען אָן פּיאַנע צום „אויסזינגען זיך". די לידער דאַרפן זיין באַקאַנטע. דאָס זינגען אין דער פרי דאַרף ווערן ווי אַ מינהג. אויך די לידער און זייער סדר איז גוט זיי זאָלן זיין שטענדיקע.

שפּעטער קומט אַרבעט. די קינדער אַרבעטן איינצייטיק, אָבער גרופּעסווייז ביי פאַרשיידענע אַרבעטן: איין גרופּע — ביי פּלאַסטילין, די צווייטע — מיט שערעלעך און פּאַפּיר אאַז"וו. מען מוז די קינדער צוגעוווינען צו אַרבעטן שטיל און פאַר זיך. די לערערין דאַרף וועגן דער אַרבעט אינדיווידועל ריידן מיט די קינדער. דער פּראָנטאַלער מעטאָד פון אַרבעט איז אפשר נאָך צו שווער. די קינדער מוזן זען, אַז דער לערערין גייט זייער שטאַרק אָן זייער אַרבעט. געוווּנטשן דויערנדיקע אַרבעטן וואָס בלייבן פון איין טאָג אויף אַ צווייטן און אויף לענגער. די געמאַכטע אַרבעטן מוזן אויפגעהיט ווערן.

נאָך דער אַרבעט עסן די קינדער. די אָרדענונג ביים עסן איז דערציערישע זייער וויכטיק. שפּעטער קומען באַוועגלעכע שפּילן אין גאָרטן, ווידער אין צימער, אַ מעשהלע, לידער און אַהיים.

## קינדער-גאָרטן

### דאָס צווייטע יאָר

אין משך פון דעם יאָר דאַרפן די קינדער זיך אויסלערנען: אַ פּאָר צענדליק מעשהלעך, זיי ווערן געגומען פון פאָלקלאָריסטישן מאַטעריאַל, די קינדער דאַרפן קענען פריי איבערדערציילן אַ 5 פון זיי, אינסצעניזירן זיי קאָלעקטיוו, אילוסטרירן אין צייכענונגען, אין אַרבעטן, און אין ריטמישע באַוועגונגען. זיי דאַרפן זיך אויסלערנען זינגען קאָלעקטיוו און איינציקווייז אַ סכום לידער, אילוסטרירן זיי אויף פאַרשיידענע אופנים. די קינדער דאַרפן קענען שפּילן און אַליין אָנפירן אָרגאַניזירטע שפּילן. זיי דאַרפן קענען דערציילן אין קורצע זאַצן איבערלעבונגען און געשעענישן אין לעבן און אויך צוגעטראַכטע מעשיות, לויט בילדער, לויט פאַרגעבענע ווערטער וכדומה.

די האַנט־אַרבעט אין דעם קלאַס דאַרף שוין אַנטוויקלען די הענט, דעם קאָלירן־חוש און די פאַנטאַזיע. אויסער פּלאַסטילין, פּאַפּיר, (פאַרשיידענע אַרבעטן פון פּאַפּיר, ווי קלעפּן, אויסשערן, פלעכטן און קנייטשן), קומט דאָ צו אָפּפאַל־מאַטעריאַל ווי שאַכטלעך, שוועבעלעך, בלעטער פוןביימער, בלומען געטריקנטע, בילדלעך פון וויקל־פּאַפּיר צו צוקערקעס, שאָקאָלאַד, וכדומה, אָפּפאַל פון שטאָפן צו מאַכן לאַלקעס און אז"וו.

אין דעם קלאַס מוזן זיין געקויפטע איינפאַכע שפּילצייג און מאַטעריאַלן פאַר אַרבעט, ווי קאַרטאָנדלעך אויסצוגייען, בוי־קאַסטנס אז"וו.

די אַרבעטן דאַרפן זיין אינדיווידועלע און קאָלעקטיווע — אַ גאַס מיט הייזער (פון פּלאַסטילין, פון שאַכטלעך פון שוועבעלעך) מיט אויטאָס וכדומה, אַ וואַלד, צימערן מיט מעבל, באַפּוצונגען צו די ווענט און נאָך און נאָך. דער פּרינציפּ איז אַז אַלע אַרבעטן דאַרפן זיין שעפערישע „מיר מאַכן דאָס און דאָס”. גוט איז ווען די לערערין האַלט זיך אַן עצה מיט די קינדער ווי, וואָס און פון וואָס צו מאַכן. דאָס איז זייער וויכטיק פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער דערפינדערישקייט פון די קינדער, פאַר זייער שעפערישן געמיט. יעדער קינד נעמט אויף זיך צו מאַכן אַ טייל פון דער קאָלעקטיווער אַרבעט.

אין דעם קלאַס דאַרף מען האָדעווען פיש אין אַקוואַריום, בלומען, פייגל און גרינסן.

אויך דאָ ווי אין ערשטער גרופּע מוז די אויסבילדונג פון כאַראַקטער און אחריות־געפיל זיך באַזירן אויף אַ פעסט נאָרמירטן רעגולאַמין, אויף משגיחות און פּאַרענדיקטקייט פון אָנגעהויבענע אַרבעטן.

אַ סך צייט דאַרף מען דאָ אָפּגעבן אויף דערציילונגען פון די קינדער, אויף אינסצעניזאַציעס, אויף צוטראַכטן סצענקעס, ווי למשל — די מאַמע גיט עסן און ס'קינד וויל נישט עסן, מען שמועסט אין טעלעפאָן, מען נעמט אויף געסט וכדומה.

אין דעם יאָר דאַרפן די אויפשריפטן אומעטום ווי נאָר זיי קענען מעגלעך פאַרנעמען נאָך מער אָרט. (נישט קיין געדרוקטע אותיות). אַלע ערטער ווי די קינדער האַלטן זאַכן, אַלע בילדער און אַרבעטן דאַרפן האָבן אויפשריפטן, אויך קען מען מאַכן ספּעציעלע טאָוולען מיט אויפשריפטן: טעג פון וואָך, נעמען פון די קינדער (אַ גרויסער טאָוול, ציטאַטן פון מעשהלעך און לידלעך. אַלץ נאָר געשריבענע אותיות. פון צייט צו צייט פירן געניטונגען מיט די קינדער צו דערקענען (נישט לייענען!) די באַזונדערע אויפשריפטן.

אין אויגוסט בערך דאַרפן די קינדער אָנהייבן צו שרייבן צוערשט אויף די הילצערנע קליינע טאָוולען און שפּעטער מיט בלייפעדערס אויף פּאַפּיר. די ווערטער וואָס די קינדער שרייבן קומען ווי אונטערשריפטן צו בילדער, צו מעשיות. נייטיק אָנצוהייבן שרייבן אויפן גרויסן טאָוול גאַנצע זאַצן. די לערערין שרייבט און די קינדער דאַרפן דערקענען וואָס עס באַטייט דאָס און דאָס צווייטע וואָרט. שפּעטער שרייבן זיי (קאָפּירן פון טאָוול). באַלן אומבאַדינגט מיט קאָלירטע בלייפעדערס. אַ טייל קינדער

וועלן זיך שוין אין קינדערגאָרטן אויסלערנען שרייבן און לייע־נען.

זייער פיל אַכטונג דאַרף דאָ אין דעם קלאַס געלייגט ווערן אויף צוגעווינען די קינדער דורך אַרבעט און שפּיל צו זען גאָטס וועלט אַרום זיי.

אויף שפּאַצירן פאַרגעבן די קינדער אויפגאַבעס צו קלייבן פאַרשיידענע בלעטער, בלומען, נאָכקוקן דעם פלי פון פייגל, צוקוקן זיך צו בעלי חיים, זען די ריכטונג פון שאָטן, פון ווינטן וואָס בלאָזן, קאָלירן פון וואָלקנס וכדומה. דאָס דאַרף געגעבן ווערן נישט ווי אויפגאַבעס צום לערנען, נאָר ווי אויפגאַבעס עפּעס צו טאָן. באַמיען זיך די קינדער זאָלן שפּעטער דערציילן וואָס זיי האָבן געטאָן. באַלערנדיקע דערקלערונגען זענען נישט נייטיק, סיידן די קינדער פאַרלאַנגען זיי. דער עיקר איז נישט צו לערנען די קינדער, נאָר זיי צוגעווינען צו זען וואָס עס קומט פאָר. די אַרבעט אין גאָרטן דאַרף יעדער טאָג סומירט ווערן מונדלעך. צום סוף יאָר אפשר אויך שריפטלעך פון דער לערערין אויפן טאָוול, אָבער זייער קורץ.

ריטמיק און געזאַנג באַווסטזיניק, — פריילעך, אומעטיק, הילכיק, שטיל, גיך, לאַנגזאַם. צוטראַכטן באַוועגונגען צו לידלעך און ניגונים, גראַמאָפאָן־פּלאַטן — סיסטעמאַטיש צוויי מאָל אַ וואָך. שמועסן וועגן דער געהערטער מוזיק.

דער פּלאַן פון טאָג־בערך דער זעלביקער ווי אין ערשטן קלאַס קינדער־גאָרטן.

מען דאַרף ווירקן אויף די עלטערן זיי זאָלן מיט די קינדער רעדן יידיש. יידישע יום־טובים דאַרפן באַגלייט ווערן מיט טראַדיציאָנעלע מאכלים, שפּילן, לידלעך, בילדער וכדומה.

## פאָלקשול

## ערשטער קלאַס

דער ערשטער קלאַס איז דער יסוד פון שול און ער איז אַן איבערגאַנג פון קינדער־גאָרטן, דאָ טאָר נישט זיין קיין געוויינט־לעך לערנען פון בוך, איבערהויפּט טאָר מען נישט קאָנצענטרירן דאָס לערנען אויף דעם אויסלערנען שרייבן און לייענען ווי נאָר דאָס וואָלט געווען דער אינהאַלט פון קלאַס. אין די העכערע קלאַסן ווערט דאָס לערנען צעגלידערט אויף פאַרשיידענע לימו־דים. אין דעם קלאַס איז פאַרקערט געוואונטשן צו האָבן אַלע לימודים קאָנצענטרירט אין „קאָמפּלעקסן". דאָס אויסלערנען לייענען און שרייבן איז אַ טייל פון דער אַרבעט, איינער פון די מיטלען צו באַאַרבעטן דעם געלערנטן מאַטעריאַל.

די צילן פון דעם יאָר לערנען דאַרפן זיין צו אויסלערנען דאָס קינד זען דאָס אַרומיקע און עס אַרויסברענגען אין פאַרשיי־דענע פאָרמען — אין וואָרט און אין שריפט, אין געמעלן און אין אַרבעטן.

די טעמעס פאַר די קאָמפּלעקס־אַרבעטן דאַרפן זיין: אונד־זער קלאַס, די שול, דער גאָרטן, די היים, די גאַס, שטאָט, יום־טוב, די נאָנטע אַרויספאַר־פּלעצער, קראָם, אויטאָ, טראַמוויי, קינאָ, ראַדיאָ, נייעס פון דער וועלט, וכדומה.

יעדער טעמע הייבט זיך אָן פון שמועסן, כדי די קינדער זאָלן זיך לערנען פאָרמולירן אין ווערטער דאָס וואָס זיי זעען און וואָס זיי ווייסן. אויסלערנען אַרויסברענגען אין ווערטער וואָס עס איז דורך די איבערלעבונגען און דורך די חושים איז די וויכטיקסטע אויפגאַבע פון דערציונג בכלל און מען מוז עס אָנ־הייבן וואָס פריער.

די שמועסן דאַרפֿן זיין אָנגעפּירטע, ד"ה, נישט סתם קינ־דער ריידן וואָס זיי ווילן וואָס עס פֿאַלט זיי אַריין אין מויל, נאָר דער לערער דאַרף אָפּקלייבן די אַרויסזאָגונגען אַזוי עס זאָל זיך באַקומען אַ גאַנצע זאַך און אַן אויסשעפּנדיקע באַשרייבונג. יעדער שמועס ענדיקט זיך מיט דעם לערערס אַ רעזומע, און דער רעזומע דאַרף ווערן פֿאַרשריבן אויפֿן טאָוול און אין די העפֿטן. לכתחילה שרייבן די קינדער פֿון טאָוול ריין מעכאַניש די זאַצן. אומבאַדינגט גאַנצע זאַצן, נישט קיין איינציקע ווער־טער אָדער — נאָך ערגער — אותיות. קלאָר, די זאַצן דאַרפֿן זיין קורצע (פֿון דריי ביז פֿיר ווערטער!) און געציילטע. די קינ־דער לייענען די ווערטער, די זאַצן, און זיי געוווינען זיך צו צו דערקענען די ווערטער און די טיילן פֿון וואָרט, די אותיות. גרויסע אויפֿשריפֿטן אויף טאָוולען דאַרפֿן זיין אין קלאַס, די דאַטעס, טעג פֿון וואָך, נעמען פֿון קינדער און נעמען פֿון די טעמעס. די ווערטער אין דעם שרייבן פֿון די קינדער דאַרפֿן זיך אָפּט איבערחזרן, למשל: ערשטער טאָג אין קלאַס, קינדער אין קלאַס, אין קלאַס קינדער, אין קלאַס אַ לערער אאז"וו. אַלע טאָג געבן די קינדער לייענען וואָס עס איז געשריבן געוואָרן נעכטן, וואַריירן די זעלביקע ווערטער אין זאַץ. עקזאַמענירן ווער עס קען דערקענען די ווערטער (איבערלייענען), ווער עס קען אַליין אָנשרייבן די ווערטער. דער גאַנצער פּראָצעס פֿון אַנאַליז און סינטעז דאַרף געלאָזן ווערן פֿאַר דער אייגענער אינטואיציע פֿון די קינדער. מען דאַרף נאָר שפּייזן די אינ־טואיציע מיט אַ סך מאַטעריאַל צום לייענען און שרייבן ענלעכע ווערטער אין פֿאַרשיידענע קאָמבינאַציעס. אויף דעם וועג לער־נען זיך די קינדער אויס לייענען אין משך פֿון אַ דריי, פֿיר חדשים, און עס איז נישטאָ קיין מעכאַניש לערנען דערביי. נישט אַלע קינדער לערנען זיך אויס לייענען אין איין צייט. אַ טייל קינדער כאַפּן פֿריער דעם סוד פֿון אַנאַליז און סינטעז, אַנדערע — שפּעטער. דאָס אָנהייבן לייענען קומט דאָ פֿאַר זייער אָפּט ספּאָנטאַן, מיט איין מאָל, דאָס פֿאַרשפּעטיקן צו כאַפּן דעם סוד איז נישט קיין סימן פֿון אָפּגעשטאַנענקייט.

דער מעטאָד שאַרפֿט די אינטויציע פֿון די קינדער, און דאָס איז זייער ווערטפֿול.

גלייך ווי דער גרעסטער טייל קינדער קענען שוין שרייבן און לייענען געשריבנס, דאַרף מען איבערגיין צום געדרוקטן טעקסט „מעשהלעך פֿאַר קינדער", ערשטער טייל.

דאָס לערנען דעם טעקסט־בוך גייט אויף דעם וועג: אויס־דריקלעך פאָרלייענען פון לערער, שמועס וואָס דאַרף אויכ־עפּן דעם אינהאַלט, געדאַנקען פון די קינדער וועגן דער מעשה, ענלעכע זאַכן פון לעבן, פון דערציילונגען פון עלטערע, קורצע שריפטלעכע אַרבעטן, פאָרלייענען אין פּערזאָנען, אינס־צעניזאַציעס, אויסדריקלעך לייענען פון די קינדער, איבערשריי־בן פון ביכל מיט באַשטימטע אויפגאַבעס און ענדערונגען. קיין מאָל נישט סתם מעכאַניש איבערשרייבן, אילוסטראַציעס מיט אונטערשריפטן צו די מעשהלעך (לויט דעם אַרבעטסבוך צו דעם טעקסט־בוך).

קאָלעקטיווע שריפטלעכע אַרבעטן דאַרף מען אָנהייבן שוין אין ערשטן קלאַס. די אַרבעטן ווערן געפירט פראָנטאַל און גיט אין איינגעשטעלטער טעכניק: טעמע, קורצער שמועס, אויס־קלייבן זאַצן פון די קינדער, דער לערער שרייבט זיי אויפן טאָוול, די קינדער שרייבן איבער פון טאָוול אין זייערע העפטן (אין העכערע קלאַסן איז געווונטשן קינדער זאָלן שרייבן אויפן טאָוול, און לכתחילה נישט דערלאָזן עס זאָלן זיין גרייזן אויפן טאָוול פאַר די אויגן פון די קינדער).

אַזוינע קאָלעקטיווע אַרבעטן זענען נייטיק נישט וויניקער ווי צוויי מאָל אַ וואָך צו האַלבע שעה בערך, בעסער אין באַ־שטימטע טעג און שעהן.

טעמעס: יום־טובים אַלגעמיינע און אין שול, באַשרייבונ־גען פון אַ רעגן, אַ האָגל, אַ געשעעניש אין גאַס, אין שול, אַ געבורטסטאָג, אַן אַרויספאָר, אין פּאַרק, באַקאַנטע בעלי־חיים, בריוו צו די עלטערן וועגן דעם לערנען, צו אַ קראַנקן חבר, צו קינדער אין אַנדערע שטעט און לענדער וכדומה.

ווען די קינדער געוווינען זיך צו צו די קאָלעקטיווע אַר־בעטן, דאַרף מען ביסלעכווייז נעמען פאַרגעבן אינדיווידועלע אַרבעטן צוערשט אין קלאַס און שפּעטער אויך אַהיים.

דער וויכטיקסטער מקור פאַר די קאָלעקטיווע און אינדי־ווידועלע אַרבעטן בלייבן אין משך פון גאַנצן יאָר די קאָמ־פּלעקסן, וואָס פאַרנעמען, פאַרשטייט זיך, וואָס ווייטער אַלץ וויי־ניקער צייט, ווייל עס קומען צו אַנדערע אַרבעטן אין פאַר־בינדונג מיטן טעקסט־בוך.

דער יידישער לערער מוז אין משך פון יאָר אויסלערנען די קינדער זינגען און דעקלאַמירן אַ צאָל לידער. אַזוי אויך מוז ער אויסלערנען די קינדער אַ צאָל קאָלעקטיווע שפּילן מיט

געזאַנגען אָדער ער דאַרף איבערחזרן וואָס די קינדער האָבן געבראַכט פון קינדער־גאָרטן. מען דאַרף צוגעווינען די קינדער צו שפּילן און טאַנצן אין יידיש. ביים זינגען לייגן אַכט אויפן טעמפּ, שטאַרקייט, טאַקט. נייטיק צוצוטראַכטן מיט די קינדער צו די לידער און דעקלאַמאַציעס שפּילן און באַוועגונגען. בשום אופן נישט הייסן מעכאַניש נאָכמאַכן וואָס דער לערער זאָגט. מען דאַרף צוגעווינען די קינדער אויסצונוצן דעם געזאַנג־ און שפּיל־מאַטעריאַל אויף די הפסקות, אויף קורצע פאַרווײַלונגען אין קלאַס גופא און אין די היימען.

די לעצטע דריי חדשים בערך דאַרף מען איינפירן אין ערשטן קלאַס דעם „חומש פאַר קינדער" ווי אַ צווייטן טעקסט־בוך, לויט די זעלביקע מעטאָדן. די קינדער דאַרפן וויסן אַז דאָס זענען מעשיות פון דער תורה, וואָס איז ביי יידן הייליק.

אין פאַרבינדונג מיטן חומש דאַרף מען איינפירן אויף דער וואַנט אַ טאָוול מיט די ווערטער וואָס שרייבן זיך „אַנדערש", ווי שבת, חוה, אדם, הבל, נח וכדומה. אויף דעם טאָוול וואָס הענגט הויך פאַר די אויגן פון די קינדער שרייבט דער לערער גרויסע אותיות מיט נקודות אַלע קינדער זאָלן קענען זען. מען דאַרף די קינדער נישט „אָפּשרעקן" פאַר דעם „העברעיִשן עלעמענט" און מען דאַרף אויך נישט געבן קיין צוויי אָרטאָ־גראַפיעס, ווי עס איז איינגעפירט אין אַמעריקע. מען דאַרף זיי צוגעווינען און איינגעניטן צו דערקענען די ווערטער און האָבן זייער גראַפישן אויסזען אין זכרון. דערווייל נישט דערקלערן די נקודות. די קינדער קענען די ווערטער־ביכלעך פירן אויך פּרי־וואַט אין קליינע העפטן.

אַרבעט. יעדער מעטאָדישער איינס (קאָמפּלעקס) דאַרף צום סוף האָבן אַ מין באַריכט: „וואָס אַלץ האָבן מיר געלערנט וועגן דעם", וואָס האָט מען געזונגען, און וואָס האָט מען געמאַכט פאַר אַ אַרבעטן. זייער געוווּנטשן צו האָבן אַ קאָלעקטיווע אַרבעט גע־מאַכט פון אָפּפאַל־מאַטעריאַל איבערהויפּט: אַ קלאַס מיט דריי ווענט, מיט בענק, טיש וכדומה, אַ גאָרטן מיט ביימעלעך, אַ גאַס מיט הייזער און אויטאָס וכדומה וכדומה. מען קען דאָ אויס־נוצן זייער פיל קינדערשע צאַצקעס. טאָוולען מיט אַרבעטן אויף די ווענט, דער קלאַס מיט בילדלעך פון די קינדער. געקליבע־נע בילדער פון אילוסטרירטע זשורנאַלן קענען געבן טעמעס פאַר שמועסן, קאָלעקטיווע און אינדיווידועלע אַרבעטן. איבער־הויפּט זענען וויכטיק אַזוינע בילדער פון יידישן לעבן אין דער

וועלט און אין ארץ ישראל. דאָרעס (און אַנדערע) בילדער צום חומש, זענען זייער געוווּנטשן. זאָלן די קינדער אַליין צייכענען און מאַכן פון פּלאַסטילין און אַנדערע מאַטעריאַלן אילוסטראַציעס צו די חומש־מעשׂיות. זייער געוווּנטשן צו אינסצעניזירן אייניקע מעשׂיות פון חומש אַזוי ווי פון טעקסט־בוך. אַן אַלבאָם פון אויסגעשניטענע בילדער פון זשורנאַלן קען ברענגען זייער פיל נוציקע פּריידיקע און שעפערישע אַרבעט אין קלאַס. געווּנטשן צו דערמוטיקן די קינדער צו פּריוויליקער אַרבעט אין די היימען אויף די געביטן.

דערציילן און פאָרלייענען דאַרף מען פירן סיסטעמאַטיש. לכתחילה דאַרף דער לערער דערציילן מינדלעך ווי אין קינדער־גאָרטן און נאָר בהדרגה איבערגיין צום פאָרלייענען. דער בעסטער מאַטעריאַל פאַרן דערציילן זענען די מעשׂיות פון תנך. נאָר מען דאַרף צוגעבן וואָס מער פּרטים, בילדערישע באַשרייבונגען, דיאַלאָגן צווישן די פּערזאָנען, מען דאַרף די מעשׂיות אומבאַדינגט „אַקטואַליזירן" מיט עלעמענטן היינטצייטיקע, ניט מורא האָבן פאַר אַנאַכראָניזמען און פאַר „געפעלשטער היסטאָריע". מעג נח ריידן צו זיינע זין אין דער תיבה דורך אַ טעלעפאָן, און עס מעגן אין סדום אַרויספאָרן אויטאָמאָבילן און איבערפאָרן קינדער... און זאָל אברהם מאַכן קידוש מיט זיינע געסט...

ביסלעכווייז גייט מען איבער פון דערציילן צום פאָרלייענען. מאַטעריאַל: פאָלקס־מעשׂיות פון י. ל. כהן, חבר־פּאַוער, יינגעלע־רינגעלע, דאָס קלוגע שניידערל וכדומה. דאָס דערציילן און פאָרלייענען דאַרף מען פירן בעסער אַלע פרייטיק צום סוף פון דעם לערנען. אויב מען קען אַרויסקריגן, אַז קינדער זאָלן ברענגען פון די היימען מעשׂיות און דערציילן פאַרן קלאַס איז עס זייער גוט צו טאָן.

אין דער זעלביקע צייט דאַרף מען אויך איינשטעלן אַ מינהג פאָרצושפּילן פאַר די קינדער יידישע פאָסיקע גראַמאָפאָן־פּלאַטן. די דערציילונגען, און אויך די פּלאַטן דאַרפן לגמרי נישט זיין איטלעך מאָל נייע. פאַרקערט איז עס פיל בעסער מען זאָל איבערחזרן אָפט די זעלביקע מעשׂיות און ניגונים. גוט איז אָנצוהייבן אַ נייע אָדער אַ דערציילטע מעשׂה און לאָזן די קינדער ממשיך זיין ווייטער. די אַרבעט אין דעם קלאַס דאַרף זיין אַ קאָמבינאַציע פון שפּיל, פאַרווייַלונג, אַרבעט און לערנען, נישט בלויז לערנען!

די נייטיקע דערגרייכונגען פארן ערשטן יאר: ריידן, לייענען און שרייבן יידיש, קענען איבערגעבן עפעס פון אייגענעם קאפ, וואס געזען, געהערט, אויסגעטראכט, קענען איבערלייענען א קליינע דערציילונג און זי איבערדערציילן, וויסן די צייטן — געווען, איצט, וועט זיין; קענען די קרובישאפט פון משפחה; דורכמאכן דאס ביכל „מעשהלעך"; א 20 זייטן פון חומש, קע־נען ריכטיק אנשרייבן און איבערלייענען א פאר צענדליק העב־רעישע ווערטער, וואס ווערן זייער אפט גענוצט אין יידיש; קע־נען אנשרייבן א בריוול פון עטלעכע זאצן; קענען אויסווייניק ביי א צען לידער, און דעקלאמאציעס.

דער לערער דארף דערמוטיקן די קינדער סיסטעמאטיש צו ריידן יידיש צווישן זיך און אין די היימען. דאס אפטער זיך אומקערן צו דער טעמע און ארגאניזירן די קינדער דערצו. עס דארף זיין אן אנהייב פון איינפלאנצן אין די קינדער זייער נאציאנאלן באוווסטזיין, אז זיי דארפן זיך אונטערשיידן פון אנדערע קינדער פון א צווייטן פאלק.

## צווייטער קלאס

אין דעם קלאס דארף דער לערן־עלעמענט ווערן שטאר־קער, דער עלעמענט פון שפיל און פארווייַלונג — קלענער און שוואכער.

די דערגרייכונגען אין דעם קלאס דארפן זיין:

יידיש — דער צווייטער באנד „מעשהלעך פאר קינדער", דער אינהאלט דארף דורכגענומען ווערן לויט די דריי מדר־גות: סינקרעטיש, אנאליטיש און סינטעטיש. די קינדער דארפן זיך צוגעווינען און איינאייגענען די שפראך, זיי זאלן קענען אליין באנוצן די אויסדריקן און פארמען. עס דארפן זיין די נייטיקע ביַיארבעטן — אין שרייבן, שמועסן, געמעלן און אינ־סצעניזירונגען. מען מוז זיך באמיען די קינדער זאלן באנע־מען דעם גייסט פון דער יידישער פאלקס־מעשה.

מען דארף אין דעם קלאס דורכנעמען א 10—12 גרעסערע זאכן אויסווייניק צום דעקלאמירן און זינגען. איי־נע אדער צוויי גרעסערע זאכן אינסצעניזירן צו אן ארויסטריט.

די קינדער דארפן זיך אויסלערנען דערציילן און באשרייבן אן אייגענע איבערלעבונג אדער עפעס צוטראכטן אין א קאר־רעקטן יידיש לויט די מעשיות פון ביכל, לויט בילדער פון

זשורנאלן, לויט געהערטן פון אַלטע יידן און לויט טעמעס וואָס דער לערער פאַרגיט.

שפּראַך — סיסטעמאַטיש לויט דעם „אַרבעטסבוך", אי־בערהויפּט פאַרגעבן אַהיים און קאָנטראָלירן פּראָנטאַל, פון צייט צו צייט, ביי געלעגנהייטן מאַכן אויספירן פון די אַרבעטן, פאַרגלייכן יידישע און שפּאַנישע פאָרמען.

פאַרלייענען און פאַרשפּילן — ווי אין ערשטן קלאַס. צום פאַרלייענען נוצן: י. ל. כהן, ראָבינזאָן קרוזאָ, חבר־פּאָווער וכדומה.

פאַרזיך־לעקטור אָנהייבן אומבאַדינגט שוין אין דעם קלאַס. מאַטעריאַלן —פון זעלביקן בוך „מעשהלעך", דערציילונגען וואָס דער לערער קלייבט זיך נישט צו לערנען, פון „לאָמיר לער־נען" און שפּעטער פון באַזונדערע ביכלעך. איינפירן צוערשט פאַר זיך לייענען אין קלאַס גופא, ווי א „ביבליאָטעק־לעקציע". אַלע קינדער לייענען שטיל, פאַר זיך די זעלביקע דערציילונג. שפּעטער קומען פראַגעס פון לערער און איבערדערציילונגען. 15 מינוט אויף דעם איז גענוג. די אַרבעטן פירן אין באַשטימ־טע טעג. שפּעטער פאַרגעבן אַהיים אינדיווידועל. אין באַשטימ־טע טעג אויספרעגן וועגן געלייענטן.

קאָלעקטיווע שריפטלעכע אַרבעטן אין קלאַס אַ פּאָר מאָל אַ וואָך. פאַר טעמעס נוצן איבערהויפּט באַשרייבונגען און זאַכן פון אייגענעם אַרום און געוויינטלעכע געשעענישן, ווייל מען דאַרף די קינדער צוגעוווינען צו באַמערקן דאָס וואָס עס איז געוויינטלעך און דאָס קענען אויסדריקן אין ווערטער. דאָ איז בעסער קינדער זאָלן שרייבן אויף דעם טאָוול אונטער דעם כסדרדיקן קאָנטראָל פון לערער, נישט דערלאָזן לכתחילה עס זאָלן פאַר די קינדער זיין גרייזן.

אינדיווידועלע שריפטלעכע אַרבעטן איבערהויפּט ווי היים־אַרבעט לויטן בוך (קיין מאָל נישט איבערשרייבן מעכאַניש!), באַשרייבונגען פון אייגענעם לעבן אין שול און אין היים, צו־געטראַכטע מעשיות, בריוו וכדומה. די אַרבעטן מוז מען שפּע־טער באַהאַנדלען אין קלאַס.

קאָלעקטיווע פּלאַסטישע אַרבעטן און שפּילן אין יידיש זע־נען זייער געוווּנטשן אויב נאָר די צייט דערלויבט. באריכט־בריוו צו די עלטערן יעדער וואָך וועגן דעם וואָס מען האָט געטאָן די וואָך אין קלאַס, בריוו צו אַנדערע יידישע קינדער.

חומש — נייטיק דורכצומאַכן אומבאַדינגט מער ווי אַ

האלבן בוך פון פארקירצטן „חומש פאר קינדער". באארבעטן ווי די לעקציעס פון טעקסט־בוך, שמועסן, אילוסטראציעס. די צען געבאט — אויסוויניק.

העברעיש — די העברעישע ווערטער פון חומש און פון טעקסט־בוך — ווי אין ערשטן קלאס; א 50—60 פסוקים פון חומש אין העברעיש, צוערשט געשריבן פון טאוול מיט נקודות און געלערנט אויסוויניק, איבונגען מיט די ווערטער פון די פסוקים צונויפצושטעלן זאצן, געווונטשן די קינדער זאלן זיך מאכן קליינע ווערטער־ביכלעך פון העברעישע ווערטער. אין צווייטן טייל פון יאר איינפירן א פארקירצטן העברעישן חומש און לערנען די פסוקים פון דארטן. איבונגען אין איבערזעצונגען שריפטלעך, אין צוזאמענשטעלן זאצן פון די געלערנטע ווערטער. א טאוול מיט העברעישע ווערטער אויף דער וואנט, קורצע אינסצעניזאציעס און לייענען אין פערזאנען צו איינציקע זאצן. די נעמען פון די אותיות און די נקודות.

סיסטעמאטיש דערציילן די קינדער דעם העלדן־עפאס פון דער תנ"ך־תקופה — יריחו, עי, דבורה, גדעון, יפתח, שמשון, שמואל, שאול און יהונתן, שלומה, אליהו וכדומה. דער לערער דארף זארגן נישט פאר דעם געשיכטלעכן אמת, נאר פאר דער דערציערישער בילדערישקייט. זאמלען בילדער פון זשורנאלן פון יידישן לעבן אין דער וועלט און אין ארץ ישראל. פון צייט צו צייט ווי א שפיל — פרעגן ווערטער פון העברעיש וואס מען האט געלערנט אין די פסוקים. פרעגן איבערצוזעצן זאצן צונויפגעשטעלטע פון די העברעישע ווערטער וואס מען האט געלערנט.

דער קלאס דארף אין משך פון יאר עטלעכע מאל קאלעקטיוו ארויסטרעטן אויף די פרייטיקצונאכטן, געווונטשן איינע אדער מער אונטערנעמונגען פאר די עלטערן באזונדער.

דערמוטיקן די קינדער צו רעדן יידיש צווישן זיך און אין די היימען, וואס אפילו נאציאנאלע עלטערן זענען אויף דעם נישט מקפיד. מען דארף עס ארגאניזירן און כסדר אויפהאלטן. עס דארף זיין א סיסטעמאטישע ארבעט, וואס מען דארף זיך מיט איר פארנעמען נישט ווייניקער ווי איין מאל אין וואך. דאס דארף געטאן ווערן אין אלע קלאסן.

# דריטער קלאַס

דער קלאַס איז דער איבערגאַנג פון דער ייִנגערער מדרגה צו דער העכערער. דער לערן־עלעמענט דאַרף פאַרשטאַרקט ווערן, עס מוז דורכגענומען ווערן מער מאַטעריאַל אין פאַרגלייך מיט די פריערדיקע צוויי קלאַסן. העברעיש און געשיכטע ווערן אויסגעטיילט ווי באַזונדערע לימודים אין דעם שעהן־פּלאַן פון קלאַס.

די רעזולטאַטן וואָס מען דאַרף דערגרייכן זענען:

אין יידיש:

פאַרענדיקן דעם צווייטן באַנד „מעשהלעך פאַר קינדער" אויף וויפל עס איז נישט באַוויזן געוואָרן אין צווייטן קלאַס; דורכנעמען א צאָל דערציילונגען פון ערשטן באַנד פרצעס „געקליבענע דערציילונגען" ווי „זיבן גוטע יאָר", „דער אוצר", „שרה בת טובים", „דריי קיכלעך", „דער קונצנמאכער", „דער אָרענדאַר". אויסלערנען און קענען דעקלאַמירן קאָלעקטיוו און אינדיווידועל א צאָל פּאָעמעס, אַזוי אויך א 2—3 משלים פון שטיינבאַרג ווי „די שפּיז און די נאָדל", „די באַרשט און דער קאַמאַש", „אַ מעשה אָן א סוף", „צוויי קאַטשקעס"; פאַרענדיקן דעם ערשטן טייל פון „אַרבעטסבוך פאַר יידיש"; די קינדער דאַרפן אין משך פון יאָר דורכלייענען א 7—10 דערציילונגען פאַר זיך; אָנשרייבן א 10־12 אינדיווידועלע פרייע אַרבעטן אויסער די טעמעס וואָס ווערן פאַרגעבן אין קלאַס אין פאַרבינדונג מיט דעם טעקסט־בוך. אין דעם קלאַס דאַרפן די קינדער שוין אומבאַדינגט צוגעוווינט ווערן צו קע־נען פריי דערציילן מינדלעך און שריפטלעך אין יידיש אַן איי־גענע איבערלעבונג און אַ געדאַנק.

חומש: מען דאַרף פאַרענדיקן דעם חומש פאַר קינדער אין יידיש, האָבן א העפט מיט אַרבעטן און געמעלן ווי אילוסטראַ־ציעס צו אים, אייניקע פּאָעטישע טיילן קענען אויסווייניק אין יידיש און געציילטע פּסוקים אויך אין העברעיש. געוווּנטשן צו דערמוטיקן די קינדער צו פּלאַסטישע אילוסטראַציעס אין פּלאַסטילין, ליים וכדומה צו באַשטימטע סצענעס אין חומש.

אין העברעיש לויט דעם פאַרקירצטן חומש פון שאַרפ־שטיין: קענען פריי לייענען, פאַרטייטשן און דערקלערן מער־ווייניקער אַ 20 זייטן, קענען אָנשרייבן פון זכרון די גע־לערנטע זאצן און ווערטער. אַלע וויכטיקערע ערטער (פון

נאַציאָנאַלן שטאַנדפּונקט) קענען אויסווייניק! וואָס אָפּטער דער־מאָנען דאָס געלערנטע פריער ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן. דאָס איז וויכטיק פאַרן געדענקען. בעסער ווי לערנען איין מאָל.

געשיכטע — די ערשטע יידן (אבות), וואַנדערונגען, ברית בין הבתרים, גלות מצרים, משה, מעמד הר סיני, עשרת הדברות, מרגלים, משהס טויט (אונטערשטרייכן די נישט־געטלעכקייט פון משהן) יהושוע, ירחו, עי, דבורה, גדעון, יפתח, שמשון, שמואל, שאול און זיינע מלחמות, דוד מלך ישראל, גלית, די שטאָט ירושלים ווערט א יידישע, שלמה און דער בית המקדש. — אין פאַרעם פון דערציילונגען און שמועסן, פאַרגעבן אהיים איבערלייענען אין דעם געשיכטע־בוך. נייטיק דורך די שמו־עסן צו דערמוטיקן צו פראַגעס, מיינונגען און בילדערישע פאַר־שטעלונגען. אין דעם ערשטן קאָנצענטער פון געשיכטע־לימוד זענען פאַר אונדז נישט וויכטיק די געשיכטלעכע פאַקטאָרן, ווי עס זענען וויכטיק די בילדערישע פאַרשטעלונגען פון געשעע־נישן, לעבנסשטייגער און העלדן. קונסט־בילדער וועגן יענע תקופות זענען זייער געוואונטשן.

העברעיש — כל זמן דאָס ספּעציעלע בוך פאַר דעם קלאַס איז נאָך נישט פאַרטיק, איז דער פאַרקירצטער חומש דאָס איינציקע טעקסט־בוך אויך פאַר העברעיש. אין משך פון דעם יאָר דאַרפן די קינדער קריגן אן אוצר ווערטער נישט ווייני־קער ווי 60־80, וואָס זיי דאַרפן וויסן, קענען פאַרטייטשן אין קאָנ־טענסט און אויך באַזונדער. די ווערטער דאַרפן זיי קענען אָנ־שרייבן מיט די נקודות אָן גרייזן. זיי דאַרפן קענען אויסוויי־ניק פאַרשטיין זאַצן צונויפגעשטעלט פון די ווערטער און טייל־וויז קענען אַליין צונויפשטעלן זאַצן, וואָס ווערן זיי געזאָגט אין יידיש. די איבונגען מיט ווערטער און זאַצן פון די פריער גע־לערנטע, דאָס כסדר דערמאָנען די געלערנטע פּסוקים דאַרף זיין אַ געזעץ פאַר יעדער לעקציע. דאָס ברענגט מער נוצן ווי דאָס חזרן און איבערחזרן.

דאָס רעדן יידיש צווישן זיך דאַרף שוין דאָ ווערן טייל־וויז אַ געוווינהייט.

:: :: ::

צום לימוד פון יידיש: ביים לערנען דערציילונגען אומ־באַדינגט זיך האַלטן לויט דער סכעמע — סינקרעטישע, אַנאַ־ליטישע און סינטעטישע מדרגות. וואָס מער שמועסן. זיי

דאַרפֿן די קינדער העלפֿן זיך אַריינטראַכטן אין דעם קאָלאָריט, אין די אידעען און אין די שפּראַך־פֿאָרמען, אין וואָס די קינדער זענען רוי. זיי דאַרפֿן די קינדער העלפֿן זיך צוגעווינען צו קענען אַרויסברענגען אין ווערטער זייערע געדאַנקען און מיינונגען. וואָס מער שריפֿטלעכע אַרבעטן פֿאַרגעבן אַהיים, נישט פֿאַרגעבן צו לייענען מעכאַניש אָן אויפֿגאַבעס ביים לייענען. מען מוז געדענקען אַז דורך דעם מאַטעריאַל דאַרפֿן די קינדער זיך אַריינלעבן אין גייסט פֿון אונדזער פֿאָלק. די שמועסן און אַרבעטן דאַרפֿן איבערהויפּט צילן צו דעם. מעכאַניש לייענען און שרייבן אָדער איבערשרייבן פֿאַרטעמפּט נאָר די קינדער און שוואַכט אָפּ דעם אינטערעס צום לימוד. דערמוטיקן צו פֿאַרגלייך־לעקטור פֿאַר זיך, צו אייגענע שריפֿטלעכע אַרבעטן איז זייער געוווּנטשן. לייענען אין פּערזאָנען, אינסצעניזירן, צוטראַכטן סצענעס, בילדער צו טיילן פֿון דערציילונגען קען ברענגען זייער פֿיל נוצן. די פֿאָרמעלע רעזולטאַטן און די השפּעה אויף דעם גייסט און עמאָציעס פֿון די קינדער איז תמיד פּראָפּאָרציאָנעל נישט צום סכום טעכנישע אַרבעטן וואָס עס ווערט פֿאַרגעבן די קינדער, נאָר צו דער צאָל אויפֿגאַבן פֿאַר דעם געדאַנק און פֿאַנטאַזיע. עס איז בעסער צו פֿירן אַ ספּעציעלן ליטעראַטור־העפֿט און צום סוף פֿון יעדער דערציילונג מאַכן אַ סומירונג פֿון אַלע אַרבעטן וואָס זענען געמאַכט געוואָרן אין פֿאַרבינדונג מיט דער דערציילונג. אין די שמועסן און אָפּהאַנדלונגען איז געוווּנטשן צו פֿאַרלאַנגען פֿון די קינדער זיי זאָלן נוצן פֿון צייט צו צייט אויסדרוקן און זאַצן פֿון טעקסט. נייטיק צעגעווינען די קינדער צו רעציטירן טיילן פֿון טעקסטן און לייענען אויסדריקלעך. ביי געלעגנהייטן פֿון נאַטור־באַשרייבונגען אין די טעקסטן איז געוווּנטשן צו דערמוטיקן די קינדער זיי זאָלן אַליין באַשרייבן (מינדלעך און אויך שריפֿטלעך) אַזוינע נאַטור־דערשיינונגען ווי זיי האָבן געזען. דערצו דאַרפֿן אויסגענוצט ווערן די קאָלעקטיווע שריפֿטלעכע אַרבעטן אין קלאַס. אין דעם יאָר ווערט די צאָל פֿון די אַרבעטן קלענער, אויב די קינדער זענען שוין פֿעיק אַליין צו געבן אַזאַ קורצע באַשרייבונג אין אַ קאָרעקטן יידיש. ווי אַן אָפּרו און שפּיל איז געוווּנטשן צו פֿאַרגעבן די קינדער אין קלאַס גופֿא צוטראַכטן און דורכפֿירן קליינע מעשׂיות און סצענעלעך לויט אַיין, צוויי פֿאַרגעבענע ווערטער, רעטענישן, חיצן — איבערהויפּט פֿון כּעלם־עפּאָס, מאָטקע כאַבאַד און

הערשעלע. אַזוי אויך איז אין די אַפּרו־מאָמענטן געווונטשן צו דערמוטיקן פאַרוועטונגען און פאַרמעסטונגען, ווער עס ווייסט מער העברעישע ווערטער און ווי זיי שטייען (דערמאָנען זיך דעם טעקסט).

אַזוינע שפּילן זענען נאָך באַזונדערס וויכטיק ביי אונדז, ווייל די קינדער זענען גאַנצע טעג אַריינגעטאָן אין אַזאַרט־שפּילן מיט דער פּילקע, וואָס עס פירט צו דעם אַז די ייִנגלעך לערנען זיך ערגער פון די מיידלעך.

פאַרלייענען פאַר די קינדער — דאָס בעסטע בוך איז מאָטל פּייסי דעם חזנס. אַלע פּרייטיק נישט מער ווי האַלבע שעה. געבן די קינדער אַ געלעגנהייט זיך אַרויסצוזאָגן וועגן דעם געלייענטן. אויב נישט איז אויך פּאַסיק „פּעטער טאָמס הייזל".

עס איז זייער געווונטשן צוגעווינען די קינדער צו דערציילן פאַרן קלאַס וואָס געזען אין טעאַטער, אין דרויסן, איבערהויפּט וואָס געהערט פון עלטערע יידן און וואָס אויסגעלייענט פון צייטונג פון יידישן לעבן. וויצן און אנעקדאָטן זענען אויך ווערטפול. זאַמלונגען פון אַזוינע ווערטלעך און וויצן קענען ברענגען זייער פיל נוצן.

פאַר זיך־לעקטור — פירן סיסטעמאַטיש און קאָנטראָלירן לכל הפּחות איין מאָל אין צוויי וואָכן.

שריפטלעכע אַרבעטן. — א חוץ וואָס וועגן זיי איז גערעדט געוואָרן אין פאַרבינדונג מיטן טעקסט־בוך איז געווונטשן צו דערמוטיקן די קינדער צו פרייע אַרבעטן פון א שטענדיקן כאַראַקטער ווי בריוו צו אַנדערע קינדער אין אַנדערע לענדער און שטעט, טאָג־ביכער, זכרונות פון אייגענעם לעבן, וואָס טאַטע־מאַמע דערציילן פון זייער לעבן וכדומה.

ביבליאָטעק־לעקציעס אין קלאַס — ווי אין צווייטן קלאַס, נישט לענגער ווי א 10־15 מינוט. עס מוז זיין שטיל, אַפילו דער לערער דאַרף אויסמיידן צו רעדן הויך, ווען ער דאַרף מאַכן א באַמערקונג. גוט צו מאַכן פאַרמעסטונגען ווער עס האָט איבער־געלייענט מערער און קען בעסער דערציילן. געווונטשן אַז אַלע קינדער זאָלן לייענען די זעלביקע זאַך, מען זאָל קענען פאַר־גלייכן.

די זאָרג פאַר רעדן יידיש צווישן זיך דאַרף דער לערער קיין מאָל נישט פאַרגעסן, געווונטשן אַלע וואָך סומירן די אויפ־טוען אויף דעם געביט. פאַר די קינדער וואָס האָבן אַזוי ווייניק יידישקייט און זיי זעען אַזוי ווייניק אין די היימען דאַרף

דאָס רעדן יידיש ווערן א מין מצוות עשה פון זייער יידישקייט. מען דאַרף נישט דערלאָזן אַז אויך פאַר די קינדער זאָל זייער יידישקייט זיך באַגרעניצן מיט דעם גלייבן אין א יידישקייט וואָס איז פאַראַן ערגעץ ווייט אַן אייגענער אַקטיווקייט.

העברעיש איז בעסער צו לערנען יעדן טאָג צו ווייניקער מאַטעריאל איידער אַ 2—3 מאָל אין וואָך צו גרעסערע פראַגמענטן. דער מאַטעריאל איז פאַר די קינדער שווערער, און עס וועט אָנקומען גרינגער ווען זיי דאַרפן עס לערנען אָפטער צו קלענערע סכומים. דאָס וועט זיי אויך מאַכן גרינגער צו פאַרגעדענקען דאָס געלערנטע. אין דער אַרבעט אַלע מאָל דערמאָנען פון פריער געלערנטן מאַטעריאל. שפּיל און פאַרוועטונגען אין וויסן ווערטער אין פאַרטייטשן און אין איבערזעצונגען דאַרפן פאַרגרינגערן און ליבער מאַכן פאַר די קינדער דעם שווערן שטאָף. שרייבן נאָר מיט נקודות און אָנרופן די אותיות מיט זייערע נקודות (נישט נוצן קיין דגש חזק און א דגש קל נאָר אין ב, כ, פ, ת) אָנרופן די אותיות מיט די נקודות מיט זייערע נעמען, נישט צווינגענדיק די קינדער זאָלן עס אויסלערנען — פון דער פּראַקטיק וועלן זיי עס קענען (נישט זאָגן די קינדער 0 נאָר קמץ אַלף, פּתח, אַלף).

געוווּנטשן אין קלאַס זאָל זיין אַ יידישער לוח און די קינדער זאָלן האָבן אַזוינע קליינע פון קרן קימת ביי זיך. אַלע טאָג זאָל דער משגיח אָנשרייבן אויפן טאָוול די יידישע דאַטע. ביי דעם העברעיש־לימוד שוין געבן די איינפאַכסטע איבונגען אויף יחיד און רבים ווי אויך אויף די כנויים.

דער קלאַס דאַרף אייניקע מאָל אַרויסטרעטן אויף די פּרייטיקצונאַכטן, בעסער קאָלעקטיוו איידער אינדיווידועלע קינדער, עס זענען אויך געוווּנטשן איינע־צוויי אונטערנעמונגען אין יאָר פאַר די עלטערן.

אַ בערכדיקער שעהן־פּלאַן פאַר די וואָך וואָס קען רעקאָמענדירט ווערן פאַרן 3־טן קלאַס:

אַלע טאָג 15 מינוט — אין וואָך 75 מינוט

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| טעקסט־בוך | 40×4 | מינוט | 160 | מינוט |
| חומש אין ייִדיש | 30×3 | „ | 90 | „ |
| חומש און העברעיִש | 30×5 | „ | 150 | „ |
| הפסקה | 5×5 | „ | 25 | „ |
| געשיכטע | 15×2 | „ | 30 | „ |
| פאַרלייענען | 30×1 | „ | 30 | „ |
| דערציילן פאַרן קלאַס | 15×1 | „ | 15 | „ |
| קאָלעקטיווע שריפט׳ אַרבעט | 30×1 | „ | 30 | „ |
| פּאָעזיע | 30×1 | „ | 30 | „ |
| ביבליאָטעק־לעקציע | 15×1 | „ | 15 | „ |

בסך הכול 650—50, 10 שעהן

דאָס איבעריקע ווערט אַוועקגיין אויף פאַרשידענע אָרגאַניזאַציאָנעלע אַרבעטן און שמועסן.

## פערטער קלאַס

אין דעם עלטער הייבן אָן די ייִנגלעך צו ווערן שטאַרק אַריינגעטאָן אין פאַרשידענע אַזאַרט־שפּילן, און דאָס צווינגט צו שאַפן פאַר זיי דורכן לערנען אנדערע אינטערעסן, כדי זיי באַטש טיילווייז אָפּצוציען פון יענע שפּילן.

מאַטעריאַלע דערגרייכונגען פאַרן פערטן קלאַס דאַרפן זיין:

ייִדיש: —לעקטור: דאָס מעסערל, געקליבענע דערציילונגען פון פּרץ, ערשטער באַנד, און אויב עס בלייבט נאָך צייט — איינע אָדער צוויי דערציילונגען פון דעם א. רייזען־בוך.

די דערציילונג „אויב נישט נאָך העכער" קען מען לאָזן פאַרן פינפטן קלאַס. אויסווייניק — עטלעכע פּאָעמעס פון פּאָעזיע־בוך און אויך משלים פון א. שטיינבאַרג: דער קוש, דאָס פערד און די בייטש, די נאָדל און דער באָול, דער שווימער, צוויי רויזן, שיכל, ביכל, טיכל; שוועבעלעך (אייניקע שורות אַרויס־לאָזן), דאָס העמד און דאָס רעקל. באַמיען זיך די קינדער זאָלן קענען דעקלאַמירן קאָלעקטיוו און אינדיווידועל. אויסנוצן פאַר די פּרייטיקצונאַכטן. אַרבעטסבוך פאַר יידיש דאַרף גע־לערנט ווערן סיסטעמאַטיש, איבערהויפּט ווי היים־אַרבעט. אין קלאַס דאַרף מען אָנגעבן ווייניק צייט אויף דעם, אין פאָרעם פון קאָנטראָל, נאָר פון צייט צו צייט פירן א שמועס מיט די קינדער וואָס פאַרוואָס אויספירן זיי קריגן אַרויס פון די געמאַכ־טע אַרבעטן.

אומבאַדינגט פאַראינטערעסירן די קינדער צו שרייבן פרייע אַרבעטן אויסער די אַרבעטן וואָס ווערן געפירט צוזאַ־מען מיט דעם טעקסט־בוך. אַזוינע אַרבעטן דאַרפן זיין: בריוו צו די עלטערן, צו קינדער אין אויסלאַנד, טאָג־ביכער, איי־גענע ביאָגראַפיעס, דערציילונגען פון דעם לעבן פון די על־טערן, זאַמלונגען פון וויצן און יידישע אַנעקדאָטן, וואָס זיי הערן. מעשיות, צוגעטראַכטע דערציילונגען לויט בילדער פון יידישן לעבן אין דער וועלט און איבערהויפּט אין ארץ־ישראל, באַשרייבונגען פון געזעענע בילדער אין קינאָ, פון אַרויספאָרן וכדומה. מען דאַרף צו דעם דערמוטיקן די קינדער מיט אַלע מיגלעכע מיטלען. אַריינברענגען אין דער שול־אַרבעט דעם עלעמענט וואָס די קינדער קענען הערן פון די עלטערן און פון פאָלקלאָר בכלל איז זייער וויכטיק פאַר דעם צובונד וואָס מען דאַרף שאַפן צווישן די קינדער און דער וועלט פון זייערע עלטערן, איבערהויפּט איז עס וויכטיק אין די אַמעריקעס, ווו די עלטערן גופא שאַפן ווי א מחיצה צווישן זיך און די קינ־דער מיט דער שפּראַך און אַנדערע עלעמענטן פון שטייגער. פאַר דער נאַציאָנאַלער דערציונג איז עס אומגעהייער וויכ־טיק: עס בינדט צו די קינדער צו זייערע עלטערן און צו זיי־ער פאָלק בכלל, עס פאַרהיט פון דעם ביטול־געפיל וואָס ווערט זייער אָפט אַנטוויקלט אין די היימען דורך דער פרעמ־דער שפּראַך. אַזוינע העפטן מיט אַרבעטן ווען דער לערער דערמוטיקט צו דעם קענען ברענגען זייער פיל נוצן דער אַל־געמיינער אַנטוויקלונג פון די קינדער.

אויף דעם רעדן ידיש צווישן זיך דאַרף דער לערער שטאַרק מקפּיד זיין און כסדר דערמוטיקן צו דעם, אָן אויפהער. אין קלאַס פירן פריי מינדלעך דערציילן פון די קינדער נישט פון בוך. איינער פון די גרעסטע פּלאָגן איז דאָס וואָס די קינדער זענען נישט טרענירט ארויסצוברענגען אין שפּראַך זייערע געדאַנקען און איבערלעבונגען. דאָס מוז מען אָנהייבן פון פריסטן עלטער. די מאַמעס טוען עס אָבער ניט צוליב פאַרשידענע סיבות ווי אויך צוליב דעם אונטערשייד אין די שפּראַכן וואָס מען נוצט אַליין און וואָס מען נוצט מיט די קינדער. די דינסטן טוען עס געוויס נישט, בלייבט די אויפגאַבע פאַר דער שול. לכל הפחות פינף מינוט אַ טאָג אָפּגעבן אויף דעם, זען קיינעם נישט דורכלאָזן. עס וועלן זיך אַרויסרוקן פעיקע דערציילערס, איז אוודאי גוט.

די פרייע אַרבעטן, די מינדלעכע דערציילונגען און זאַמל־אַרבעט: וויצן, ווערטלעך, בילדער פון זשורנאלן פון ידישן לעבן קענען טיילוויז אנטוויקלען נייע אינטערעסן וואָס וועלן אָפּהאַלטן די קינדער פון די נערוועזע, אַזאַרטיקע, פאַרטעמפּנדיקע פּילקע־שפּילן.

אָבליגאַטאָרישע לעקטור פירן סיסטעמאַטיש און פירן אומבאַדינגט אַ רעקאָרד פון די געלייענטע ביכער. קיין ביבליאָטעק לעקציעס אין קלאַס דאַרף מען שוין דאָ נישט, אין ביבליאָטעק זענען פאַר דעם קלאַס פאַראַן גענוג ביכער. עס מוז ווערן אַ הוב ווי מאַכן די היים־אַרבעט.

העברעיש: תנ'ך — דער חומש פאַר קינדער איז שוין דורכגעמאַכט. מען גייט איבער צו תנ"ך לויט יהואש. לערנען געקליבענע קאַפּיטלעך פון יהושע, שופטים. פון איטלעך געלערנטן קאַפּיטל דאַרף מען אין אָריגינאַל נעמען אַ צוויי־דריי פּסוקים. זיי לערנען אָפּט אויסווייניק, פירן שפּראַך־איבונגען מיט די ווערטער פון די פּסוקים. פון צייט צו צייט פאַרגעבן די קינדער אַ „לייענעניש" — אַליין צוגרייטן אַ ניי, נאָך נישט געלערנט קאַפּיטל. גרינגערע פּסוקים דאַרף מען לערנען מער ווי צוויי־דריי. ווען די קינדער ענטפערן די געלערנטע העברעישע טעקסטן, דאַרפן זיי דעם ידישן טעקסט צודעקן. פון צייט צו צייט געווינען די קינדער זיי זאָלן זיך אַליין אָריענטירן אין אַ גרינגען פּסוק מיט דער הילף פון ידישן טעקסט, און וואָס אָפּטער פירן מיט די קינדער אַן אַנאַליז פון דעם העברעישן טעקסט. אגדה־טעקסט־בוך מיט די שפּראַך איבונגען

וואָס זענען געגעבן אין דער נייער אויסגאַבע פון בוך. מען דאַרף זיך באַמיען דורכצונעמען דאָס גאַנצע בוך אין דעם קלאַס.

געשיכטע פון דער צעטיילונג פון דער מלוכה ביז דעם צווייטן חורבן. זיך נישט אָפּשטעלן אויף די באַזונדערע מל־כים, דערפאַר אָבער ברייטער באַהאַנדלען דעם קאַמף פון די נביאים. לייגן אַכט אויף דעם שטייגער לעבן אין יעדער תקו־פה. פון די נביאים איבערהויפּט ברייט דערציילן וועגן אליהו און וועגן ירמיהו. דער גלות בבל פיקסירט א יידיש לעבן־שטייגער. דאָס בענקען נאָך ארץ ישראל מאַכט הייליק מנה־גים און זיטן פון אמאָל, די סופרים און די תורה, שיבת ציון און די דראַמאַטישקייט פון נחמיהס אויפטו. עזרה פיקסירט די תורה, פירט איין דעם אלף בית, שטעלט פעסט די יום טו־בים וכדומה, אַקטואַליזירן מיט ענלעכע מאָמענטן פון איצט. דאָס רויק לעבן פון יידן אונטער פערסיע, די העלעניסטישע אַסימילאַציע און חנוכה, אַקטואַליזירט מיט פאַרגלייכן פון איצטיקער צייט, דאָס זעלביקע אַקטואַליזירן דעם קאַמף צווישן צדוקים און פרושים. די לעצטע שטעלן אין ״עם אײ־גענעם און באַזונדערן שטייגער לעבן. די לעצטע חלוקי דעות ביי יידן און דער חורבן.

אויף דעם יידישן טעקסט־בוך אַרבעטן ווי עס איז אָנגעוויזן פאַר דעם דריטן קלאַס.

דער לערער דאַרף תמיד געדענקען, אַז לערנען יידישע לי־טעראַטור אָן דעם, אַז די קינדער זאָלן באַגרייפן די ספעציפיש־קייט פון יידישן גייסט און ארייננדרינגען אין דעם איז ווי נישט געלערנט. אָנרעגן די קינדער צו דעם האָט דער לערער א סך מיגלעכקייטן ביי דעם אויסוואַל פון ליטעראַטור וואָס מיר האָבן. מען מוז אויך דערפירן די קינדער צו באַגרייפן די שפּראַך־שיינקייטן. דאָס איז שווערער אין די אַמעריקעס, ווו די קינ־דער זענען נישט היימיש אין זייער אייגענער שפּראַך צוליב דער שולד פון די עלטערן. דערפאַר איז די אויפגאַבע פון דער שול נאָך דרינגנדיקער. דערצו קען מען מאַכן מיט די קינדער אַזוינע געניטונגען: ווער האָט געזען אַן ענלעכן בילד? דער־ציילן, ווי דערציילט עס דער שרייבער וכדומה. תמיד דאַרף מען אָנרעגן די קינדער צו אַקטואַליזירן דאָס געלערנטע ווערק מיט ענלעכע עלעמענטן פון לעבן. אין איטלעכן ווערק וואָס ווערט געלערנט אין קלאַס זענען פאַראַן פּראָבלעמען, געוווינ־

טשן אַרויסצורופן אין קלאַס דיסקוסיעס אויף די טעמעס. די דיסקוסיעס דאַרפן נישט פאַרענטפערט ווערן באַלד, בעסער זיי לאָזן פון איין מאָל צו דעם צווייטן. ווען עס געלינגט דעם לע־רער די קינדער זאָלן צו די דיסקוסיעס אַריינציען אויך די עלטערן אין די היימען, איז מה טוב.

די זאָרג פאַרן רעדן יידיש צווישן זיך און אין די היימען דאַרף דער לערער קיין מאָל נישט פאַרגעסן, כסדר דערמוטיקן צו דעם און אָרגאַניזירן. א חוץ אַלץ איז עס זייער וויכטיק פאַר דער אנטוויקלונג פון אויסגעהאלטענעם כאַראַקטער ביי קינדער. פאַרן פרייען דערציילן פון די קינדער דאַרף מען דאָ בהדרגה צוגעבן: וואָס געלייענט אין דער צייטונג פון יידישן לעבן.

די משלים וואָס ווערן געלערנט דאַרפן ווערן אַן אינטע־גראַלער טייל פון קלאַס־לעבן. די קינדער דאַרפן אָפטער אַרויסטרעטן מיט קאָלעקטיווע און אינדיווידועלע רעציטאַציעס. ציטאַטן פון די משלים זענען געוונטשן ביי יעדער געלעגנ־הייט. די קינדער מוזן געפינען די אַקטועלקייט פון דעם משלס נמשל. ענלעך צו דעם אויך מיט די פּאָעמעס וואָס ווערן געלערנט. אויב עס געלינגט דעם לערער צו דערמוטיקן די קינדער אַליין צו פּרובירן שרייבן אין דער פאָרעם פון פּאָע־מעס איז עס זייער גוט.

א סך מער אויפמערקזאמקייט פאַרלאַנגען די העברעישע לימודים. פון איין זייט ווילן מיר די קינדער זאָלן זיין באַקאַנט מיט אַלע דערציילונגען פון תנ"ך, די נעמען פון די העלדן זאָלן זיין ביי זיי היימיש. דערפאַר לערנען מיר די טעקסטן אין יידיש, און מיר האָבן די מיגלעכקייט דורכצוגיין א סך מער ווי מען קען דאָס אין מקור. פאַרגעבן די קינדער א „לייענעניש" זיי זאָלן צוגרייטן זיך פאַרצולייענען און דערקלערן פאַר דעם קלאַס איז זייער וויכטיק. דער מעטאָד האָט אין די ישיבות גע־בראַכט די גרעסטע נוצן און מיר דאַרפן אים איבערנעמען הגם ביי לייט שפּילט ער נישט אַזאַ ראָל. ביי יעדער געלעגנהייט איז וויכטיק צו אַקטואַליזירן דעם אינהאַלט פון תנ"ך. אין שופטים דער כסדרדיקער „ויעשו הרע בעיני ד'" און וואָס איז תמיד באַשטאַנען אין „ויתערבו בגוים וילמדו מעשיהם" (תהי־לים קו' 35) דאַרף כסדר אויסגעניצט ווערן פאַר אַקטואַליזאַ־ציע.

פון דער צווייטער זייט מוזן מיר דערפירן די קינדער אין

די עלטערע קלאַסן צו קענען באַנעמען א העברעישן טעקסט. דערצו דאַרף מען אויסנוצן דעם אָריגינאַל פון תנ"ך אויך.

דערצו לערנען מיר אין מקור פסוקים און פראַגמענטן פון די געלערנטע קאַפּיטלעך. בעת די קינדער פאַרטייטשן דעם געלערנטן העברעישן טעקסט, דאַרף אומבאַדינגט דער יידישער טעקסט זיין פאַרדעקט. טיילווייז, געקליבענע ווערטער דאַרפן די קינדער לערנען אויסווייניק. אָבער דאָס אליין וועט זיי דעם שפראַך־עלעמענט נישט געבן. עס איז אַלע מאָל נייטיק א שפראַך־אַנאַליז פון די העברעישע זאַצן און אָפּט געבן די קינדער צו סינטעזירן זאַצן פון די געלערנטע ווערטער. קיין גראַמאַטישער אַנאַליז איז דאָ נישט נייטיק, ערשטנס דערפאַר ווייל די שפראַך פון תנ"ך איז דערצו ווייניקער פאַסיק, זי איז צו קאָמפּליצירט און איז ווייניקער געניצט אין דעם הייַנטיקן ליטעראַרישן העברעיש, צווייטנס דערפאַר וואָס אין דער נייער אויסגאַבע פון דעם אגדה־בוך זענען פאַראַן גענוג סיסטעמאַטישע אַרבעטן אויף גראַמאַטיק אויך און די אגדה־שפראַך איז א סך נענטער צו דעם מאָדערנעם העברעיש.

ווייל אין די היימען אָן דאַווענען און אָן בענטשן וכדומה זענען די קינדער לגמרי ווייט פון דעם העברעישן קלאַנג איז זיי עס א סך שווערער, דעריבער איז ווי אין דריטן קלאַס בעסער צו געבן די קינדער דעם לימוד אָפּטער און אין קלענערע פראַגמענטן. געוואונטשן וואָס אָפּטער אויספרעגן די קינדער די געלערנטע פסוקים אין אַזאַ אָדער אין אַנדער פאָרעם. דאָס איז נייטיק פאַרן בעסערן פאַרגעדענקען דאָס געלערנטע.

מער שפראַך־ידיעות וועלן די קינדער קריגן פון דעם איבערגעמאַכטן אגדה־בוך. אָבער אויך דאָ דאַרף מען געדענקען אַז מיר לערנען דאָס מאַטעריאַל נישט בלויז לשם שפראַך. די אגדות זענען דאָך דער אוצר פון יידישן גייסט, אָפּט די פילאָסאָפיע פון פאָלק אין א פרימיטיווער מעשה. נישט אַלע מאָל דאַרף דער לערער אונטערזאָגן די קינדער די אידעע פון דער אגדה. ווי ווייט מיגלעך דאַרף מען עס לאָזן פאַר דער אינטויציע פון די קינדער, אָבער לאָזן עס תמיד פאַר זיי טויג ווידער נישט. די שפראַך־איבונגען זענען געגעבן אין בוך גופא און עס איז נישט נייטיק צו געבן דאָ צוגאַב־דערקלערונגען. דאָ איז נייטיק נאָר צוצוגעבן, אַז ביי גרינגערע אגדות איז געוואונטשן צו פאַרגעבן די קינדער זאָלן אַליין דערקלערן דעם העברעישן טעקסט מיט דער הילף פון דער איבערזעצונג, אָבער זיי דאַרפן אַליין

מאַכן דעם שפּראַך אַנאַליז פון די זאצן. אין דעם קלאַס איז די אַר־בעט אַ ספּאָראדישע, אין די העכערע קלאסן דארף זי ווערן וואָס אָפטער געניצט.

צום געשיכטע־לימוד זענען געוואונטשן בילדער, און אויך פילמען (אויב מיר וועלן זיי קריגן!)

עס וואָלט געווען די גרעסטע עבירה פון לערער ווען ער פאַרוואַרלאָזט די אָבליגאַטאָרישע פאַרזיך־לעקטור פון די קינדער.

זייער נייטיק צו זאַמלען די קינדערשע אַרבעטן לכל הפּ־חות אין געקליבענע מוסטערן ביזן סוף יאָר פאַר אַן אויסשטע־לונג אָדער פאַר דעם קאָלעקטיוון קלאַס־באַריכט: וואָס האָבן מיר געטאָן אין משך פון דעם גאַנצן יאָר. אַזוינע מינדלעכע און שריפטלעכע באריכטן זענען זייער נוציק.

אָנטייל אין די פּרייטיקצונאכטן און אויך סיומים ביים ענ־דיקן אַ ספר זענען בכוח אָפּצוציען די קינדער פון די שעדלע־כע שפּילן.

פאַר אָבליגאַטאָרישער לעקטור פאַר דעם פערטן קלאַס קען מען רעקאָמענדירן:

מעשיות פון נ. גראָס, גאָלדין, ש. סיימאָן, כעלם־עפּאָס אין פאַרשידענע באַאַרבעטונגען, וויינרייך — דער בייזער בייז, פון יידישן קוואַל –- גאָלדשמיד, יאָסעלע — דינענזאָן, אַנ־דערסען אין ניסתרס איבערזעצונג, און אַנדערע.

פאָרלייענען פאַרן קלאַס ווי אין דריטן קלאַס איין מאָל אַ וואָך — דעם המשך פון „מאָטל פּייסי דעם חזנס".

שעהן־פּלאַן לדוגמא פאַרן פערטן קלאַס

| | | | |
|---|---|---|---|
| היים־אַרבעט | 5 מאָל אַ וואָך צו | 10 מינ' | 50 מינ' אַ וואָך |
| ליטעראַטור | | | |
| לימוד | 3 | 40 | 120 |
| פריי דערציילן | 4 | 5 | 20 |
| הפסקה | 5 | 5 | 25 |
| תנך | 5 | 30 | 150 |
| אגדה אין | | | |
| העברעיש | 4 | 30 | 120 |
| געשיכטע | 2 | 40 | 80 |
| קאָנטראָל פון | | | |
| לעקטור | 1 | 20 | 20 |
| פּאָעזיע און | | | |
| משלים | 1 | 40 | 40 |
| פאַרלייענען | 1 | 30 | 30 |

בסך הכול 655 שעה 55 מינוט אַ וואָך

און עס בלייבט נאָך דעם לערער צייט פאַר פאַרשידענע אַקטועלע אַרבעטן.

באַמערקונג: פאַר דעם געשיכטע לימוד דאַרפן די קינדער האָבן אין די היימען אַ בוך פאַר היים־אַרבעט. דער לערער דאַרף זיין קורס פירן נישט דווקא לויטן בוך, אָבער די קינדער דארפן אין דער היים איבערלייענען דעם געהעריקן קאַפּיטל. פון צייט צו צייט פאַרגעבן אַ לייענעניש איז ווידער זייער געוווּנטשן.

## פינפטער קלאַס

יידיש

פאַר דעם קלאַס איז אָנגעמערקט דאָס בוך „א. רייזען פאַר קינדער", לערנען די דערציילונגען: צוויי ברידערלעך, דער בוים אָרעמע מצה, די נייע לאַטע, פאַרשפעטיקט, די פאַבריק, דער קראַנקער פינגער, אַ געזינד זאַלבע אכט, גמרא־ניגון, מאי קאָ משמע לי, ווייטער ליד, נייע ליד.

אויב עס וועט בלייבן צייט דאַרף מען אין דעם קלאַס דורכנעמען „אויב נישט נאָך העכער". פון פּאָעזיע קען מען

שוין אין דעם קלאַס אָנהייבן צו לערנען ביאַליקן, למשל: מיין מאַמע זכרונה לברכה, ים־לידער, צום פייגעלע, גלוסט זיך מיר וויינען. אייניקע פּאָעמעס פון דעם רייזן־בוך, משלים פון אַ. שטיינבארג: דער חלף און די זעג, שינאת חינם, די גאולה, פאַרן בית דין של מעלה, צוויי רויזן, דאָס שוועבעלע.

אַרבעטסבוך פאַר יידיש — צווייטער טייל.

אָבליגאַטאָרישע לעקטור פאַר זיך — נישט ווייניקער ווי אַ 10 ביכער דורכן יאָר אונטערן קאָנטראָל פון לערער.

אָרגאַניזאַציע פון יידיש־ריידן, פריי דערציילן פון אייגע־נעם לעבן, פון געהערטן און געזעענעם, פון צייטונגען.

פרייע שריפטלעכע אַרבעטן.

מעטאָדן און אָנווייזונגען — ווי אין פערטן קלאַס.

תנך, אגדה און העברעיש.

תנך — שמואל א' און ב' — ווי אין פערטן קלאַס. אגדה — דערווייל פון די אַלטע ביכער ביז עס וועט פאַרטיק ווערן דאָס נייע בוך. אָבער די שפּראַך־איבונגען מוז דער לערער פירן סיסטעמאַטיש ווי עס איז אָנגעוויזן פאַרן פערטן קלאַס. דאָ דאַרף מען זיך באַמיען צו געבן גרעסערע פראַגמענטן אין העברעיש. מיר שטרעבן צו דעם מען זאָל בכלל אין די על־טערע קלאַסן קענען לערנען אין גאַנצן אין העברעיש. אין דעם קלאַס קען נאָך פון דעם נישט זיין קיין רייד.

אומבאַדינגט נייטיק אָנטייל צו נעמען אין די פּריי־טיקצו־נאַכטן און אַנדערע אונטערנעמונגען פון קלאַס.

געשיכטע. די מיזרח־תקופה אין גלות. ר' יוחנן בן זכאי און זיין אויפטו, ר' עקיבא און בר כוכבא־אויפשטאַנד, די ישי־בות אין ארץ־ישראל, חתימת המשנה — דער ציל איינצו־שטעלן אַן איינהייטלעכן שטייגער לעבן פאַרן צעשפּרייטן פאָלק. דער בהדרגהדיקער איבערגאַנג פון דער העגעמאָניע צו בבל. דאָס לעבן פון יידן אין בבל, זייער אָרגאַניזאַציע עקאָנאָמיש און סאָציאַל־פּאָליטיש, דער ריש גלותא און די ישיבות מיט די גאונים. דאָס פאַרהייליקן די טראַדיציע, די תורה שבעל פה, שאלות תשובות, איינהייטלעכער שטייגער דאַרף צעמענטירן דאָס צעשפּרייט פאָלק איבער אַלע לענדער. די גמרא. קאַראַימער און אַ פאַרגלייך מיט די צדוקים פריער אין ארץ־ישראל, ווי אויך מיט איצטיקע לייקענער פון דער טראַדיציע. די יידיש־אַראַמישע שפּראַך און איר ראָל ביי יידן: תרגום, תפילות, גמרא. מיט וואָס איז אַראַמיש אַנדערש פון

אַנדערע שפּראַכן, וואָס יידן האָבן גענוצט? דער אונטערגאַנג פון בבלישן צענטער.

זייער געוווּנטשן צו פּאַראַינטערעסירן די קינדער מיט פאַרשיידענע זאַמל־אַרבעטן ווי אין די פריערדיקע קלאַסן: וויצן, ווערטלעך' שפּראַך־פאָרמען אין יידיש, אויסדרוקן, בילדער פון יידישן לעבן, איבערהויפּט פון ארץ־ישראל.

געוווּנטשן פון צייט צו צייט אָרגאַניזירן דיסקוסיעס אויף פאַרשיידענע טעמעס. פאַרלייענען פאַרן קלאַס דאַרף אויך דאָ געפירט ווערן סיסטעמאַטיש. צום לייענען נעמען שלום עליכמס דערציילונגען פאַר קינדער, פון קאַסרילעווקע, אי־בערהויפּט דאַרף מען נעמען דאָרטן ווו עס איז פאַראַן טיפער די ליבע־געפילן צו יידישע טיפּן. די קינדער דאַרפן ליב קריגן „די קליינע מענטשעלעך מיט די קליינע השגות" איבערהויפּט ר' יוזפל דעם רב, געקליבענע קאַפּיטלעך פון „פונעם יאַריד". פון מענדעלען קען מען נעמען נאָר „שלומה ר' חיימס" אין די איבעריקע ווערק איז פאַראַן צו פיל סאַטירע, וואָס קען נישט אַנטוויקלען קיין ליבע צו יידן. מען דאַרף אויך נעמען עפּעס פון די באַשרייבונגען פון לעצטן חורבן. צום באַדויערן זיינען נישטאָ קיין קינסטלערישע ווערק וועגן לעבן און בוי אין ארץ ישראל, וואָס וואָלטן געווען זייער נוציק דאָ. מיר האָבן נאָך נישט קיין שלום עליכם פאַר ארץ ישראל.

די געזעלשאַפטלעכע אַרבעטן אין קלאַס: אונטערנעמונגען, פרייע אַרבעטן, אָרגאַניזאַציע פון יידיש ריידן, זאַמלונגען דאַרפן צעמענטירן דעם קלאַס־קאָלעקטיוו.

דער שעהן־פּלאַן אַזוי ווי אין פערטן.

| קאָנטראָל פון היים־ | מאָל אַ וואָך | צו—מינוט | — מינוט |
|---|---|---|---|
| אַרבעט | 5 | 10 | 50 |
| ליטעראַטור־לימוד | 3 | 40 | 120 |
| פריי דערציילן | 4 | 5 | 20 |
| הפסקה | 5 | 5 | 25 |
| תנך אין יידיש און העברעיש | 5 | 30 | 150 |
| אגדה און העברעיש | 4 | 30 | 120 |
| געשיכטע | 2 | 40 | 80 |
| קאָנטראָל פון לעקטור | 1 | 20 | 20 |
| פּאָעזיע און משלים | 1 | 40 | 40 |
| פּאַרלייענען | 1 | 40 | 40 |
| בסך הכל | | | 655 |

10 שעה 55 מינוט

## זעקסטער קלאַס

מאַטעריאַל:

יידיש — צווייטער באַנד „געקליבענע דערציילונגען" פון פרץ. די זיבן דערציילונגען מיט דער געהעריקער באַאַרבעטונג זענען גענוג פאַרן יאָר.

פּאָעזיע — ביאַליק: מיט זון־פאַרגאַנג, שרעטעלעך, מיין ליד, הימלען, וואַנדערער פון מדבר, תיקון חצות. געוווּנטשן צו יעדער פּאָעמע אין יידיש צוצוגעבן איינע אָדער עטלעכע שו־רות אין אָריגינאַל, אויב דער לערער געפינט עס פאַר מעגלעך.

פון לייוויק — מדבר־קאַראַוואַנען (1־טער באַנד זייט 555;), די קאַפּעליע (ז' 589), אונדזער חלום (ז' 605).

פון די אַלטע מייסטער — (לויט י. י. שוואַרצס איבער־זעצונג) ר' שלמה איבן גבירול „פאַרקלעמט און פאַרשעמט", ר' יהודה הלוי" ציון הלא תשאלי", י. ל. גאָרדאָן — אין די טיפענישן פון ים (געהיפּט אייניקע ערטער).

משלים — פון שטיינבאַרג — די קאַץ און די ווורשט, דער רשע, דער שפּיגל און דאָס בילד, דער כלב, די קאַץ און דער הונט, רב חמוריש.

אַ קאָלעקטיווע אַרבעט וועגן משל בכלל: אין תנך (יותמס

משל, כבשת הרש, משלים אין דעם אגדה־בוך, מאָדערנע משלים־ביכער, משלים אין טאָג־טעגלעכער שפּראַך. זאַמלען). זאָלן די קינדער אַליין לייענען און אָפּקלייבן וואָס עס געפעלט זיי. פּרובירן שאַפן משלים. אַרבעטסבוך פאַר יידיש — ענ־דיקן דעם צווייטן טייל.

שריפטלעכע אַרבעטן, פרייע אַרבעטן.

אָרגאַניזירן דאָס ריידן יידיש. פריי דערציילן פון גע־לייענטן, געזעענעם און געהערטן פון צייטונגען און פון איי־גענע געדאַנקען אויף פאַרשיידענע טעמעס, וואָס דער לערער פאַרגיט. אָרגאַניזירן צומאָל דיסקוסיעס און דעבאַטעס אין קלאַס. איבערהויפּט וועגן אַ בוך. אָבליגאַטאָרישע לעקטור אונ־טערן קאָנטראָל פון לערער — נישט ווייניקער פון אַ 10 בי־כער אין משך פון יאָר.

פאַרלייענען פון לערער — ווען פוילן איז געפאַלן, דער תהילים־ייד.

העברעיש:

תנך — מלכים א׳ און ב׳ (איבערהיפּן ו׳ ז׳). וואָס מער פאַרגעבן דעם יידישן טעקסט צוגרייטן אַליין אין דער היים ווי לייענישן און אין קלאַס זיך מער אָפּגעבן מיט דעם מקור. אַ סך אַכט לייגן אויף דעם אליהו־עפּאָס. אליהו ווי אַ קעמפער פאַר יידישקייט קעגן נאָכמאַכן און אַסימילאַציע. אליהו אין דער לעגענדע — ער העלפט יידן צו זיין אויסגעהאַלטן און ער מאַכט זיי גרינגער זייער לעבן ווי יידן.

אין דעם קלאַס ווי אויך אין די אַנדערע איז וויכטיק די קינדער זאָלן פאַרגעדענקען די אויסדרוקן וואָס זענען אריין אין פאָלקס מויל אין מקור (הרצחת וגם ירשת און נאָך און נאָך). אַלגעמיינע אָנווייזונגען — ווי אין די פריערדיקע קלאַסן.

אגדה — פון די פריערדיקע ביכער. צו די שפּראַך־ אי־בונגען וואָס זענען אָנגעוויזן אין די פריערדיקע קלאַסן ראַ־טיען זיך אָפּטער צוזאַמענשטעלן פון יידישן טעקסט העברעישע זאַצן מינדלעך און שריפטלעך, לייגן אַכט אויפן אויסלייג פון די העברעישע ווערטער ווי אין אַלע פריערדיקע קלאַסן. שריי־בן און לייענען וואָס מער ווערטער אָן נקודות אָדער מיט טיילווייזן ניקוד. אפילו ביים פולן ניקוד נישט ניצן קיין דגש חזק. דער טעאָרעטישער ניקוד און דער טראָפּ דאַרפן בלייבן גאָר פאַר די העכערע מדרגות. דער לערער דאַרף זיך באַמיען וואָס אָפּטער באַנוצן אַ העברעישע ציטאַט, א מימרא, א פסוק,

באַרייכערן די יידישע שפּראַך פון די קינדער מיט דעם העב־רעישן עלעמענט אויף אַ ריין פּראַקטישן אופן.

ביים לערנען די אַגדות נייטיק אָפּט צו פּרובירן געבן די קינדער ווי אַ לייענען אין קלאַס גופא דעם העברעישן טעקסט דירעקט אָן דער הילף פון דער איבערזעצונג. דער לערער דאַרף פון צייט צו צייט פּרובירן פאַרלייענען פאַר די קינדער קורצע זאַכן אין העברעיש דירעקט און וואָס וויניקער פאַר־טייטשן (למשל, פון „הדואר לנוער”).

געשיכטע — אין דעם קלאַס דאַרף מען פאַרענדיקן דעם ערשטן קאָנצענטער פון יידישער געשיכטע, וואָס דאַרף באַ־קענען די קינדער מיט די וויכטיקסטע פאַקטן און איבערגאַנ־גען. דער אַלגעמיינער מאַטעריאַל — יידן אין אייראָפּע: שפּאַ־ניע — אויפבלי אין דער אַראַבישער תקופה: חסדאי איבן ספרוט, זיין בריוו צום כאַזאַרישן קיניג, ר׳ שמואל הנגיד, איבן גבירול, יהודה הלוי, אברהם אבן עזרא, רמב׳ם. אומבאַ־דינגט געבן קורצע דוגמאות פון זייערע ווערק. באַנוצן י. י. שווארצס „העברעישע פּאָעזיע”, אני מאמין און א צוויי דריי פּראַגמענטן פון משנה־תורה (לויט פ. בירנבוימס אויסגאַבע).

די קריסטלעכע שפּאַניע, אינקוויזיציע, אנוסים, דער גי־רוש.

יידן אין מערב־אייראָפּע, דער אונטערשייד צווישן זייער לעבן און דעם לעבן פון יידן אין שפּאַניע. זייער קולטור (מער פאַרזיכיק, מער הלכה־מעסיק, אָן פּאָעזיע און אָן פילאָסאָ־פיע), קאָדעקסן פון לעבן, (שולחן ערוך), חכמי לותר, רבינו גרשום מאיר הגולה, בחדר”ג, רשי (מוסטערן!). קרייץ־צוגן (נוצן — י. י. שוואַרץ, ספר הדמעות פון בערנפעלד), געטאָ (תוספות, ר׳ תם). איבערוואנדערונגען קיין מיזרח־פוילן. פּרי־ווילעגיעס און פאַרזיכיק לעבן ווי אַ באַזונדער שטאַנד. דאָס יידישע לשון היט אָפּ פון אויסמישונג און אַסימילאַציע. היי־ליקע ספרים אין יידיש, יידישע שטעט און שטעטלעך מיט אַן אייגענעם שטייגער לעבן. (א טאָג אין רעגנסבורג, הגם רעגנס־בורג איז נישט פוילן), די קהילות, וועדים. אויטאָנאָמיע און באַשעפטיקונגען, צעכן און חברות, באַציונגען מיט דער מאַכט און פּריצים. גזירת ת”ח שבתי צבי באַוועגונג, חסידיזם. יידן אין רוסלאַנד, ניקאָלייס גזירות, קאַנטאָניזם, השכלה־באַוועג־גונג, פּאָגראָמען, חיבת ציון און בילו, עמיגראַציע קיין אמע־ריקע און אַרגענטינע, ציוניזם און סאָציאַלע באַוועגונגען. מאָ־

דערנע יידישע ליטעראַטור, קישינאָוו און די ערשטע רעוואָ־
לוציע, די צווייטע עליה און דער אויפשטייג פון אַמעריקאַנער
יידנטום, די ערשטע וועלט־מלחמה, יידן אין מעקסיקע, באַלפור
דעקלאַראַציע און די דריטע עליה, הסתדרות, יידן אין אומ־
אָפּהענגיקן פוילן. צווייטע וועלט־מלחמה און דער חורבן פון
אייראָפּעישן יידנטום, דאָס היינטיקע ארץ ישראל, די יידישע
מלוכה.

# מיטלשול

אַלגעמיינע באַמערקונגען: דאָ קומען צו אַ סך שווערי־קייטן. די צייט וואָס עס בלייבט פאַר די יידישע לימודים נאָך דעם אָפיציעלן רעגירונגס־שעהן־פּלאַן איז קלענער ווי אין פאָלקשול. די צאָל לימודים און לערער ווערט גרעסער, די אַרבעט אין די היימען — מערער. עס הייבט ביי די קינדער אָן צו שטאַרקן זיך דאָס זוכן אַ תכלית. דאָס אַלץ מאַכט שווערער דעם יידישן לערער, אָבער דאָך זענען די רעזולטאַטן פון די יידישע לימודים גאַנץ היפּשע. איבערהויפּט ווען עס געלינגט דעם לערער צו געבן די קינדער אַ באַגריף און אַ זינען פאַר אונדזער אייגנאַרטיקייט און אַנדערשקייט. מען קען מיט די תלמידים אַ סך טיפער נעמען יידישע פּראָבלעמען און אויפוועקן העכערע יידישע אינטערעסן.

אין די דריי קלאַסן מיטלשול דאַרפן די קינדער באַקומען אַ טיפערע באַקאַנטשאַפט מיט דער קלאַסישער ליטעראַטור אונ־דזערער, זיי דאַרפן דורכנעמען דאָס וויכטיקסטע פון די נביאים אחרונים און פון כתובים, דורכמאַכן אַ צווייטן קאָנצענטער פון יידישער געשיכטע. זיי דאַרפן דערפירט ווערן ביז צו קענען פאַרשטיין אַ גרינגן העברעישן טעקסט. און איבערהויפּט דאַר־פן זיי זיין אַריינגעלעבט אין יידישע פּראָבלעמען און אינ־טערעסן.

ייִדיש

מאַטעריאַל — ליטעראַטור — קידוש השם און אַ צוויי־דריי דערציילונגען פֿון דריטן באַנד געקליבענע דערציילונגען פֿון פּרץ: הכנסת כלה און בערל שניידער. דאָ מוז מען אַרויספֿירן פֿאַר די קינדער דעם ייִדישן גלויבן אין גערעכטיקייט וואָס איז שטאַרקער אַפֿילו פֿאַר גאָט. די אידעע דרינגט דורך די גאַנצע ייִדישע קולטור פֿון אברהם אבינוס תּפֿילה פֿאַר סדום. דער ייִדישער יוגנט אין די אַמעריקעס פֿעלט (צוליב דער נישט אויסגעהאַלטנקייט פֿון די היימען) דער מינימום געָנטשלעכער שטאַלץ מיט דער אייגענער ייִדישקייט. מוז די שול אים אויפֿוועקן מיט דעם ליטעראַרישן שטאָלץ און אויסגעהאַלטענער אַנדערשקייט. צו קיין שאָוויניזם ברענגט עס נישט, עס איז נאָר אַ קעגן־גיפֿט צום שיפֿלות־קאָמפּלעקס וואָס באַהערשט די ייִדן אין די אַמעריקעס נישט אין פֿאַרגלייך מער ווי עס איז געווען אין מיזרח־אייראָפּע. דער אויסגעקליבענער לערן־מאַטעריאַל איז דערצו זייער פּאַסיק. די נאַטירלעכע ביי אַלע מענטשן ליבע צו אייגנס מוזן מיר ייִדן אויך געבן אין שול.

צו די מעטאָדן פֿון באַאַרבעטן דעם געלערנטן מאַטעריאַל דאַרף מען דאָ צוגעבן אָפּטע לייענישן, ווען איינציקע קינדער גרייטן זיך פֿאַרצולייענען אַ נייעם קאַפּיטל פֿאַרן קלאַס און אים דערקלערן, אַנשטאָט דער לערער זאָל עס טאָן תּמיד. דיסקוסיעס וועגן פּראָבלעמען וואָס ווערן אַרויסגערוקט, אַדער וואָס דער לערער רופֿט אַרויס זענען דאָ זייער געוווּנטשן. זיי דאַרפֿן אָבער זיין נישט קיין ספּאָנטאַנע, — די קינדער דאַרפֿן וויסן די פּראָבלעם פֿאַרויס און זיך צוגרייטן צו דער דיסקוסיע.

פּאָעמען — פֿון ביאַליקן: אַ פֿריילעכס, די ייִדישע לעגענדע, זעער אַנטלויף, נישט פֿון הפקר. גראַדע — סדום, לייוויק — אונטער די רעדער, אונטער דער געלער לאַטע. האָפּשטיין — גערעכטיקייט, קולבאַק — דער באַל.

משלים — ביי ר׳ טודרסל אין הויף, דער בעל יועץ.

אַ צוויי־דריי זאַכן פֿון דער אַלטער ייִדישער רעליגיעזער פּאָעזיע לויט י. י. שוואַרץ. דעקלאַמאַציעס און רעציטאַציעס

זענען אין מיטלשול נישט וויכטיק ווי אין פאָלקשול.

תנך — אויך וויפל אין פאָלקשול זענען דורכגענומען געװאָרן די נביאים ראשונים, דאַרף מען דאָ איבערגיין צו די נביאים אחרונים. אויך אויב עס זענען נישט פאַרענדיקט די נביאים ראשונים, דאַרף מען דורכנעמען בלויז דעם אליהו־עפּאָס פון מלכים און איבערגיין צו די נביאים אחרונים.

עמוס־קאַפּיטל: ב׳ פון פסוק 6 אָן; ג׳,ד׳ ביז פסוק 13; ה׳ (איבערהיפּן פסוקים: 8, 9, 16, 17); ו׳ (איבערהיפּן: 2, 3, 10, 12, 13); ז׳ ח, ט.

די קינדער דאַרפן דערבראַכט ווערן צו די באַגריפן: נבואה — אַ ספּעציפיש־יידישע דערשיינונג; דער נביא — נישט קיין נס, געטלעכקייט, קיין איבערנאַטירלעכער טרעפער און ווייסער פון דער צוקונפט, נייערט ער איז אַן איבערגעגעבענער קעמפער פאַר נאַציאָנאַלער אייגנאַרט, און פאַר סאָציאַל־מאָראַלישן אמת. דער נביא קעמפט נישט מיט געוועער נאָר מיט זיין וואָרט, וואָס לאָזט אים נישט רוען, ווייל גאָט פון זיין האַרצן טרייבט אים. די יידן זענען גאָר נישט געווען ערגער פון אַנדערע פעלקער, אָבער דער נביא האָט פון יידן פאַרלאַנגט מער ווי פון אַנדערע פעלקער. איצט קען מען לערנען דעם קאַפּ׳ ב, און פאַרגלייכן די עברות פון אַנדערע פעלקער און די עברות פון די יידן לויט די רייד פון עמוס. שמועסן דאַרפן העלפן די קינדער קריגן אַ בילד פון דעם נביא, און אים אויך אַקטואַליזירן. די קינדער מוזן ליב קריגן דעם נביא. אַ פאַרגלייך צווישן אליהו און עמוס.

פסוקים אין מקור גוט צו קענען אויסווייניק. עס מוזן קומען שריפטלעכע אַרבעטן וועגן דעם נביא: בילדערישע פאַרשטעלונג־באַשרייבונגען, אידעען פון נביא: וועגן גאָט און וועגן פעלקער, וועגן גוטס און שלעכטס, וועגן פראַקטישער רעליגיע און כדומה. אין וואָס ליגט די אייביקייט פון דער נבואה ביז היינט?

ישעיהו — א׳ ב׳ (פסוקים—א־ד,ז־ח) ה׳ ו׳ י׳ (פסוקים א־ג, ה־, טו, כ־כה.) יא׳ יב׳ לו׳ לז׳ (איבערהיפּן פסוקים 24־33) מ׳ ,פסוקים—א־ה, ט־יכ) מד׳ נח׳ פסוקים א־י).

דעם לימוד פון העברעישער שפּראַך פאַרבינדן מער מיט אגדה. צו דער אגדה צוגעבן אויך פראַגמענטן פון אַנדערשווו, פאַרלייענען אַ גרינגן טעקסט און אַנאַליזירן.

שריפטל׳ אַרבעטן — אָבליגאַטאָרישע צוזאַמען מיט דעם קורס און פרייע ווי פריער.
אָבליגאַטאָרישע לעקטור און אָפּהאַנדלונגען וועגן ביכער.
פאַרלייענען — אַנשטאָט בעלעטריסטיק איז בעסער דאָ צו לייענען אַקטועלע אַרטיקלען און גרינגע עסייען פון צייט־שריפטן און פון ביכער. נייטיק צו פאַרבינדן מיט דעם דיס־קוסיעס, שמועסן און דעבאַטן (צוגעגרייטע רעדנער פון פריער).
דאָ איז געווונטשן צו געבן איין מאָל, צוויי מאָל אַ פאַרש־אַרבעט, למשל: אויסזוכן אין די טעקסטן?
טעקסטן פון די נביאים: זייער אידעאַל, זייער מיינונג וועגן קרבנות, גערעכטיקייט וכדומה. אַזוינע אַרבעטן איז גוט צו פירן אין קלאַס אָבער אינדיווידועל. אַזוינע פאַרש־אַרבעטן זע־נען געמאָלט נאָך מערער ביי דעם
געשיכטע־לימוד.
דאָ הייבן מיר אָן דעם צווייטן קאָנצענטער. דאָ זענען שוין וויכטיקער די פאַקטאָרן און די פּראָצעסן אײדער די פאַקטן.
טעמעס —
תקופות אין דער יידישער געשיכטע, ערשטע תקופה — וואַנדער־תקופה. שטייגער לעבן (פאַרש־אַרבעטן לויט דעם חו־מש). אַנדערע פעלקער פון יענער צייט און זייער גורל. דער אָנהייב פון אַנדערע איצט באַקאַנטע פעלקער. שבטים, זיי פאַר־נעמען כנען, צונויפגיסונג פון שבטים אין איין מלוכה. אַנט־וויקלונג פון רעליגיעזע פאָרשטעלונגען פון די תרפים ביז דעם גאָט פון די נביאים. כסדרדיקע אַסימילאַציע־טענדענצן און דער קאַמף פון די נביאים. מלכות יהודה און שומרון. זייער פאַרשיידענער גורל אין גלות; פולשטענדיקע ירידה פון יידיש־קייט ביי דעם פאַרטריבענעם ישראל און דער אויפשטייג פון יידישקייט ביי יהודה דווקא אין גלות. שיבת ציון — דער גלות אין חרובן לאַנד, די גולה ברענגט יידישקייט פון גלות און פעס־טיקט זי איין אין ארץ ישראל. די ווונדערבאַרע פערסישע תקופה און אַסימילאַציע. העלעניזאַציע, דער השמונאים־קאַמף און די דעגענעראַציע פון דער דינאַסטיע. אונטער רוים, און דער חורבן.

| | | | |
|---|---|---|---|
| 4 מאָל אין וואָך יידיש | צו | 45 | מינוט |
| 4 מאָל אין וואָך תנך | | | |
| און העברעיש | צו | 45 | " |
| 2 מאָל אין וואָך געשיכטע | צו | 45 | " |

בס"ה — 10 לעקציעס אַ וואָך

# צווייטער קלאַס מיטלשול

## י י ד י ש

מאַטעריאַל: דריטער באַנד פון די „געקליבענע דערציילונ־גען" פון י. ל. פרץ. די שווערערע דערציילונגען פון באַנד לאָזן אויף שפּעטער און איבערגיין צו „טוביה דער מילכיקער". אויב מען קען קריגן גענוג ביכער איז געווונטשן צו לערנען אויך „מסירת נפש" פון פרץ.

פּאָעזיע — ביאַליק. אויב דיין נשמה וויל... אַ טרער, פון צער און צאָרן, מתי מידבר (אויסוויייניק נאָר פראַגמענטן). לייוויק — דענוווער באַלאַדע (אויסווייניק נאָר פראַגמענטן), אַ ליד וועגן זיך.

פון די אַלטע מייסטערס לויט י. י. שוואַרצס בוך.

משלים: שטיוול, דער בעל יועץ, דער חזיר און דאָס פערד.

תנך — ירמיהו: א'ב (ביז פס' 15) ד, ה, ז, (ביז 29), ט, י, (ביז 10), יא, יב, (ביז ה), יג' (ביז טו), יד, (פון יא), יח', יט, (ביז י), ככא, כד', כו', כט', לא' לג' לד, (פון ח), לה, לו, לז, לח, באַמיען זיך געבן וואָס מער קאַפּיטלעך אין פאָרעם פון לייענישן און וואָס מער אין העברעישן מקור.

דאָס אגדה־בוך איז שוין נישט פּאַסיק פאַר דעם קלאַס. עס ווערט דעריבער איינגעפירט אַ צווייט בוך (אָדער דור וסופריו אָדער פון קרן מץ).

אין דעם קלאַס דאַרפן זיך די קינדער צוגעווינען לייענען אָן נקודות, פאַרשטייך די טעקסטן און אַנאַליזירן שפּראַכלעך. מוסטערן פון משנה, איבערהויפט פון פרקי אבות. געשיכטע — די הויפט־טעמע פאַרן יאָר איז: דער קיום פון פאָלק אָן אַ מלוכה.

די ראָל פון גלות בבל און פון דעם יידנטום וואָס איז געּ־

בליבן אין א"י אין דעם פּראָצעס פון שיבת ציון (פּאַסיק פּאָרש־אַרבעט לויט דעם תנך און געשיכטע־ביכער) דער וווקס פון יהודה פון נחמיה ביז דעם פּאַלן פון דער פּערסישער מאַכט. השמונאים־קאַמף ווי דער פּערמאַנענטער אין דער געשיכטע קאַמף קעגן אַסימילאַציע. פאַרשיידענע פאָרמען פון דעם קאַמף פון די ערשטע תקופות און ביז אונדז. באַציונג פון דער טראַדיציע צום השמונאים־ניצחון (גם פך השמן יום נקנור, אסתר תענית) און פּאַרוואָס. דער דעקאַדאַנס פון דער יידישער מלוכה. די גייסטיקע פירער פאַרלירן דעם גלויבן אין נאַציאָנאַלן ווערט פון דער מלוכה און באַזירן דעם קיום פון פאָלק אויף זיין שטייגער און קולטור (תשבע"פ און שבכתב). אנשי כנסת הגדולה, סנהדרין, יוחנן בן זכאי, די תקנות פון יבנה, די ראָל פון דער אַסימילירטער דינאַסטיע און פון דער אַריסטאָקראַטיע אין לעצטן קאַמף. דער אונטערשייד צווישן די שלום־פאַרלאַנגען פון די פרושים און פון דער אַריסטאָקראַטיע. יוחנן בן זכאי און יוסף פלאַוויוס. יבנה און מסדה אין דער געשיכטע פון יידישן פאָלק. די אויפשטאַנדן קעגן רוים, איבערהויפט בר כוכבא. יידן אין אַנדערע לענדער: אַלעקסאַנדריע, רוים און בבל. דער פאַרשיידענער גורל פון דריי קיבוצים: דער כאַראַקטער פון דער יידישער קולטור אין אַלעקסאַנדריע און אין רוים פון איין זייט און אין בבל פון דער צווייטער זייט. פאַרוואָס האָט די יידישע קולטור פון בבל נישט אויפגעהערט אַפילו ווען דער קיבוץ אין בבל איז אונטערגעגאַנגען?

דער שעהן־פּלאַן ווי אין ערשטן קלאַס מיטלשול.

פאָרלייענען איין מאָל אין וואָך עסייען ווי פון דער פרעסע אַזוי אויך פון ביכער, אַרגענטינער „שריפטן" זשיטלאָווסקי, גרינבערג, קאָראַלניק, ביאַליק וכדומה.

# דריטער קלאַס מיטלשול

## יידיש

מאַטעריאַל: טוביה דער מילכיקער איז דאָס הויפּט־ווערק פון קלאַס. דאָס ווערק דאַרף ווערן אַן אָרגאַנישער טייל פון די תלמידים עמאָציאָנעל און אידעאָלאָגיש. אַלע פאָרמען פון באַאַרבעטן דעם מאַטעריאַל זענען געוואונטשן. שמועסן אַליין זענען ווייניק. אַחוץ דעם ווערק — די שווערערע דערציילונגען פון דעם דריטן באַנד פּרץ וואָס זענען געבליבן פון צווייטן קלאַס, ווי אויך „יוחנן וואַסערטרעגער" און „שהשמחה במעונו", וואָס זענען אין אונדזער אויסגאַבע נישטאָ.

דער לערער קען אויך נעמען „מנחם מענדל". ער מוז דאָס ווערק אָבער נעמען פאַרזיכטיק, מנחם מענדל דאַרף זיין נישט קיין קאָמישער טיפּ פאַר די קינדער, — ער מוז פאַר זיי זיין דער הומאָריסטישער סימבאָל פון דעם אומענדלעכן יידישן ביטחון, וואָס קוואַלט נישט אויסצושעפּן נישט געקוקט אויף אַלע אומגליקן.

פּאָעזיע — סיסטעמאַטיש באַקענען די קינדער מיט מוסטערן פון יידישער פּאָעזיע, לערנען אויסווייניק — נישט וויכטיק.

פאָלקסליד, דוגמאות פון אַזוינע.

געוואונטשן די קינדער זאָלן נעמען אַליין זיך באַקענען און כאַראַקטעריזירן אַ דיכטער. אַזוי דאַרפן זיך די תלמידים באַקענען מיט אייניקע ווערק פון די שרייבער: י. י. זינגער, אש, אָפּאַטאָשו, וויסבערג.

תנך — יחזקאל ל"ז, יונה, תהילים — א׳ג, ח, יט, כד, כט, עד, עח, עט, צב, קד, קה, קו, קיג קיד, קטו, קכא, קכב, קכו, קלז, קמה; פון משלי — געקליבענע באַזונדערע פּסוקים אויסווייניק. פראַגמענטן פון קוהלת און נחמיה; פון איוב — א׳ ב׳ ג׳ לח, לט, מ, מב און א צוויי קאַפּ׳ פון דיאַלאָג אין יידיש.

העברעיש — פראַגמענטן פון יד החזקה (לויט בירנבוימס אויסגאַבע פאַר שולן). פּרקי אבות, און פון דער מאָדערנער ליטעראַטור לויט אַ באַזונדערן בוך.

פאַרלייענען ווי אין צווייטן קלאַס. די עסייען דאַרפן באַגלייטן ווערן מיט דיסקוסיעס און פאַרקערט דאַרפן דיסקוסיעס ברענגען צום לייענען באַשטימטע עסייען. געוואונטשן די תלמידים

זאָלן ענדיקן די שול ווען זיי זענען באַקאַנט שוין מיט ביאַליקס עסייען (לויט דער איבערזעצונג פון י. י. שוואַרץ).

געשיכטע — יידן אין אייראָפּע: דאָס ספּרדישע יידנטום, אויפבלי־תקופה׳ כאַראַקטער פון דער קולטור, צעשפּרייטונג, ספּרדישע יידישע קהילות אין אייראָפּע און אין טערקיי, פּראָבעס צו באַנייען דעם ישוב אין ארץ ישראל, קיבוצים אין די אַמע־ריקעס און זייער גורל. דער לאַנגזאַמער אונטערגאַנג פון ספּרדי־שן יידנטום קולטורעל און ביאָלאָגיש.

די אשכנזישע קיבוצים, זייער סאָציאַלער און קולטורעלער כאַראַקטער און מיט וואָס זיי זענען אַנדערש פון די ספּרדישע. די קרייץ־צוגן, געטאָס, די איינהייטלעכקייט פון יידישע קיבוצים אין אַלע לענדער, די ראָל פון שפּראַך און רעליגיעזע איינשטע־לונגען דערצו. פּדיון שבויים, די פאַרפעסטונג פון יידישן קיבוץ אין פּוילן, זיין פאַרזיכיקייט עקאָנאָמיש, פּאָליטיש און קולטו־רעל, אָרגאַניזאַציע פון יידישן לעבן אין פּוילן. חסידיזם און השכלה צוויי עקסטרעמען — צוצענטריש און פונצענטריש. זייער אַנטוויקלונג (אילוסטרירט מיט ליטעראַרישע ווערק) און ראָל פאַרן קיום פון פאָלק. מיזרח־אייראָפּעישע יידנטום דער צענטער פון יידישן רענעסאַנס אויף אַלע געביטן פון לעבן, שאַפונג פון נייע צענטערס, פּאָליטישע און נאַציאָנאַלע, קולטורעלע באַווע־גונגען. דער נאַציאָנאַל־מאָראַלישער אונטערגאַנג פון מערב אייראָפּעישן יידנטום און פאַרקערט אין מיזרח־אייראָפּע. דוג־מאות פון דער פּריערדיקער געשיכטע. אַלגעמיינע אויספירן פון דער יידישער געשיכטע: אייביקער קאַמף צווישן אַסימילאַציע און פאַרזיכיקייט, פּאָליטישע סיטואַציעס גינציקע און אומגינ־ציקע, פּאָזיטיווע און נעגאַטיווע קולטור־באַוועגונגען אין דער געשיכטע, די שטרעבונג קיין ארץ ישראל ווי אַן אייביקער פאַק־טאָר אין דער יידישער געשיכטע.

# ערשטער קלאַס פּרעפּאַראַטאָריע

אַזוי ווי דעם קאָנטיגענט תלמידים פעלט דער וויכטיקסטער טייל פון דריטן באַנד פרצס דערציילונגען, דאַרף מען אין דעם יאָר דורכנעמען דעם באַנד פלוס יוחנן וואַסערטרעגער.

סיסטעמאַטישער קורס פון יידישער גראַמאַטיק, פּראַקט' סטיליסטיק, דעבאַטן אין קלאַס און אויסער אים. לכל הפחות איין אָפּהאַנדלונג פון איטלעכן תלמיד וועגן אַ ווערק אָדער אַ שרייבער.

תנך. דאָ קערן מיר זיך אום צום חומש וואָס איז געלערנט געוואָרן אין די ערשטע דריי קלאַסן פון פאָלקשול, איבערהויפּט אין יידיש. דאָ לערנט מען איינע — צוויי פּרשות פון דער סדרה פון וואָך און אין מקור. דגמאות פון רשי און אַנדערע פּרושים.

העברעיש — דאָס יאָר ווי עס איז אָנגעוויזן פאַרן דריטן קלאַס. משנה און גמרא־דוגמאות. פון דיקדוק דורכלאָזן דעם ניקוד בכלל, אָפּשטעלן זיך אויף וואָרט בילדונג און שפּראַך־אַנאַליז. וואָס מערער לייענען און אַנאַליזירן (שפּראַכלעך) טעקסטן.

געשיכטע — אַנטוויקלונג און ראָל פון ליטעראַטור ביי יידן דורך דער גאַנצער געשיכטע פון פאָלק (איין מאָל אַ וואָך) סאָציאַל־עקאָנאָמישע און פּאָליטיש־געאָגראַפישע ענדערונגען אין פאָלקס לעבן, פּאָליטישע און קולטור־פּסיכאָלאָגישע ראָל פון ארץ ישראל אין לעבן פון פאָלק. געשיכטע פון רעליגיעזן געדאַנק ביי יידן, דער אונטערשייד צווישן יידישער און אַנדערע רעליגיעס. משיחישע באַוועגונגען ביי יידן. אַסימילאַציע־כוואַליעס דורך גאַנצער געשיכטע און דער קאַמף קעגן זיי. טיילן פון פאָלק וואָס דאַרן אָפּ איטלעך מאָל און פאַלן אָפּ ווי אָפּגעדאַרטע צווייגן. קולטור־ און ביאָלאָגישע עליות און ירידות אידעישע און אידעאָלאָגישע קאַמפן ביי יידן דורך דער געשיכטע. אַלגעמיינע אויספירן פון דער געשיכטע.

באַמערקונג: די פּראָגראַם פון פּרעפּאַראַטאָריע איז בלויז אַ פּראָוויזאָרישע, היות די פּרעפּאַראַטאָריע גופא עקסיסטירט נאָך ביי אונדז דאָס ערשטע יאָר.

## יידישער לערער-סעמינאַר

## ערשטער קורס

דער סעמינאַר איז אַנדערש דערמיט וואָס ער האָט קיין שום שייכות נישט מיט דער בילדונגס־מאַכט פון לאַנד און ער איז אין גאַנצן אַ יידישער. דאָס גיט אונדז די מיגלעכקייטן צו בויען פאַר זיך נישט בלויז די פּראָגראַם נייערט אויך די מעטאָדן. דאָ איז אויך די אחריות גרעסער — מען דאַרף דאָך אויסהאָדע־ווען אַקטיווע קולטור־טוער מיט אייגענער איניציאַטיוו.

אין סעמינאַר גיבן מיר אָפּ אַ סך מער צייט פאַר פּאַרזיכיקער אַרבעט, און מיר האָפן אויף אַ סך גרעסערע רעזולטאַטן.

יידישע ליטעראַטור —

א) פאַר זיך. איטלעכער תלמיד דאַרף נעמען סיסטעמאַטיש שטודירן איין שרייבער און דאַרף וועגן אים מאַכן אַ מאָנאָגראַ־פּיע: דאָס אַלגעמיינע, וועגן יעדער בוך באַזונדער און וואָס עס בינדט זיי צוזאַמען. די שרייבער קענען זיין: מענדעלע מוכר ספרים (בדרך כלל האָבן מיר מורא צו לערנען מענדעלען אין די יידישע שולן אין אַמעריקע, ווו מען מוז דורך דעם לימוד פּלאַנצן אהבת ישראל, און מענדעלע האָט עס נישט. אין סעמי־נאַר אָבער איז שוין די מורא נישט צו שטאַרק), שלום עליכם אין די ווערק וואָס מען האָט אין די קלאַסן נישט געלערנט, פּרץ (אויך אַזוי), אַש, בערגלסאָן, נאָמבערג, אָפּאַטאָשו, א. רייזען, י. י. זינגער, ש. האראנטשיק, ד. פּינסקי, ראבאי און אנד׳.

וועגן יעדער בוך דאַרף זיין אויסגעפּילט אַ ספּעציעלער בויגן, אַחוץ די נייטיקע בייגעלייגטע אַרבעטן. אַ חוץ דעם ווערק דאַרף מען וועגן ווערק לייענען אויך קריטיק.

ב) מיט דעם לערער: קאָנטראָל און סומירונג פון דער פאַר־זיכיקער אַרבעט. נישט ווייניקער ווי איין מאָל אין וואָך דאַרף פאָרקומען אַ רעפעראַט פון אַ תלמיד אויף אַ ליטעראַרישער טעמע מיט אַ דיסקוסיע. דאָס איבערדערציילן דעם אינהאַלט פון ווערק דאַרף נישט זיין דער תוך פון רעפעראַט, נייערט די פּראָבלעמען וואָס דאָס ווערק רירט אָן און די אָפּהאַנדלונג וועגן זיי.

עס איז קאַטעגאָריש נייטיק, אַז די באַריכטן און אָפּהאַנדלונ־גען וועגן ווערק זאָלן צוגעשטעלט ווערן אויך בכתב. אַזוי איז אויך נייטיק צוצוגעווינען די תלמידים אַרויסצוטרעטן מיט זייערע רעפעראַטן פאַר אַ דרויסנדיקער אוידיטאָריע (נישט בלויז פאַר דעם אייגענעם קלאַס).

דער לערער דאַרף אויטער דעם אָנפירן מיט דער פאַר זיך־אַרבעט אויך פירן זיין ליטעראַטור לימוד. ער נעמט פאַר דעם קורס איבערהויפּט פרצעס ווערק וואָס זענען פריער נישט גע־לערנט געוואָרן, מנחם מענדל און פאַרבענקט אהיים, קאַסרילעווער־קער שפּיטאָלן פון שלום עליכם, פוילישע וועלדער אאנ"ד. דאַ דאַרף דער לערער נישט פאַרלייענען דאָס נייע ווערק, נאָר תל־מידים נאָך דעם ווי זיי גרייטן זיך צו.

איין מאָל אין וואָך דאַרף געפירט ווערן אַ סיסטעמאַטישער קורס פון יידישער פּאָעזיע, די תלמידים דאַרפן זיך באַקענען מיט אַלע יידישע דיכטער דורך די לעקציעס און פאַר זיך.

ווידער נאָך איין מאָל אַ וואָך דאַרף דער לערער פירן אַ סיס־טעמאַטישן קורס פון יידישן געדאַנק. צום באַדויערן איז די יידישע ליטעראַטור אויף דעם געביט זייער אָרעם, טראַגיש, אָרעם, וועט דער לערער זיך דאַרפן אויסהעלפן מיט ביקלס אַנטאָלאָגיע און מיט די עטלעכע גאַנצע ביכער וואָס זענען פאַ־ראַן, ווי ביאַליק, זשיטלאָווסקי, קאַראַלניק אאנ"ד. דער לערער פון העברעישער ליטעראַטור וועט עס אויך דאַרפן אין זינען. פאַראַן אויך אָפּט גאַנץ ווערטפולע זאַכן אין די פּעריאָדישע אויסגאַבעס.

מיט 4—5 שעה אַ וואָך מיט דעם לערער און מיט אַ 10 שעה פאַר זיך אַרבעט אין וואָך קען די פּראָגראַם דורכגעמאַכט ווערן.

2) יידישע שפּראַך און סטיליסטיק. עס דאַרף זיין אַ סיס־טעמאַטישער קורס, וואָס עס פעלט נאָך דערוויילע פאַר דעם אַ בוך, אָבער אומבאַדינגט באַגלייט מיט פּראַקטישע געניטונגען פון די תלמידים. אין דעם קורס דאַרף דער לערער באַריקזיכ־

טיקן אויך די געשיכטלעכע אַנטוויקלונג פון דער יידישער שפּראַך.

3) געשיכטע פון דער ליטעראַטור ביי יידן (דאָס פּירט דער לערער פון געשיכטע) דאָס דאַרף זיין נישט קיין געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור אין דער יידישער שפּראַך בלויז, נאָר בפירוש פון דער ליטעראַטור ביי יידן בכלל.

די אַלע קורסן זענען אויסגערעכנט אויף צוויי יאָר אויף וויפל דער דריטער יאָר אין סעמינאַר איז בעיקר אָפּגעגעבן אויף פּראַקטישער אַרבעט אין שול.

---

העברעישע לימודים.

1) תנך — אַלע ספרים וואָס מען האָט נישט געלערנט ביז איצט. דער לימוד דאַרף באַזירט זיין אויף פאַרזיך־אַרבעט אי־בערהויפּט לויט די ספּעציעל צוגעגרייטע בויגנס פאַר יעדער קאַפּיטל. די תלמידים מוזן זיך צוגעווינען צו פאַרשטיין אַליין אַ קאַפּ' תנך (מיט דער הילף פון דער איבערזעצונג); צו אַ שפּראַך־אַנאַליז, צו קענען אַריינקוקן אין אַ פּירוש. די לעקציעס פירן זיך לויטן פּרינציפּ פון לייענישן: יעדער לעקציע גיט אַ תלמיד נאָך דעם ווי ער האָט זיך צוגעגרייט. מען דאַרף שטרעבן צו דעם די תלמידים זאָלן אויך קענען „אַריינוואַרפן" אַ פּסוק ווען מען דאַרף. ביבל־קריטיק איז לאַוו דווקא: פאַר אונדז איז וויכטיקער דער טראַדיציאָנעלער צוגאַנג.

2) ליטעראַטור — אומבאַדינגט מיט דעם לערער, קיין פאַר־זיך־אַרבעט אויף דעם געביט קען מען דערווייל נישט פירן. אַ טעקסט־בוך פון גרינגע דערציילונגען און פּאָעמעס וואָס האָבן אַ ליטעראַרישן און קולטור־היסטאָרישן ווערט.

3) שפּראַך און דיקדוק — סיסטעמאַטישער קורס פון וואָרט־בילדונג, בנינים און גיזרות, איבערהויפּט אָבער זען צו באַריי־כערן דעם אוצר ווערטער און אים קענען אויסנוצן ביים לייענען, ביים ריידן און שרייבן. פון דיקדוק אָפּרוקן דעם ניקוד אויף שפּעטער ווי ווייט מיגלעך.

געשיכטע אַלגעמיינע און יידישע. ווי ווייט מיגלעך צוזאַמען (די פּראָגראַם גופא באַזונדער).

סאָציאָלאָגיע מיט יידישער דעמאָגראַפיע — פּראָגראַם באַ־זונדער.

באַמערקונג: מיר האָבן געוואָלט אַריינפירן אין פּראָגראַם אַ

העכערן קורס פון נאַטור־וויסנשאַפט, מאַטעמאַטיק און אַריינ־פיר אין פילאָסאָפיע, אָבער ביז איצט איז עס אונדז נישט גע־לונגען צוליב טעכנישע שוועריקייטן. מיר האַלטן עס פאַר נייטיק, מחמת אין די אָפיציעלע מלוכה־פּראָגראַמען וואָס זענען אָבליגאַטאָריש אויך ביי אונדז אין מיטלשול זענען די לימודים ריין אינפאָרמאַטיוו געשטעלט און זיי האָבן נישט דעם נייטיקן פאָרמאַטיוון ווערט, וואָס די לימודים דאַרפן און קענען האָבן. ביי דער ערשטער מיגלעכקייט ווען די יידישע לערער ביי אונדז אין שול זאָלן זיין נישט אַזוי איבערגעלאָדן מיט זייער שעהן־פּלאַן וועלן מיר די לימודים אַריינפירן.

פּעדאַגאָגישע לימודים. די צוגרייטונג צו לערעריי באַשטייט פון צוויי עלעמענטן: עס דאַרף איינגעפלאַנצט ווערן אַ פּסיכאָלאָגישע גרייטקייט צו דעם פאַך און מען דאַרף קריגן אַ טעאָרע־טיש־פּראַקטישע צוגרייטונג אין אַלגעמיינע און אין ספּעציעלע פאַך־לימודים. דער ערשטער עלעמענט איז אַ מין „הכשרה" צו דעם פאַך, ער האָט אין זיך מער איראַציאָנעלע עלעמענטן וואָס מען קען אין לעקציעס און אין פּראָגראַמען נישט געבן. דאָ איז די סיבה וואָס איין שול אין אַמעריקע האָט אָן אַ סעמי־נאַר אַרויסגעגעבן נישט אין פאַרגלייך מער לערער איידער אַ אָפיציעלער לערער־סעמינאַר אין אַ צווייטער שטאָט. אָט די הכשרה צו לערעריי דאַרף געגעבן ווערן ווי אין די לימודים, ריכטיקער מיט די לימודים און אין די פּראַקטישע אַרבעטן מיט קינדער. מיר האָבן דאָס אין זינען ביי דער אַרבעט, הגם אין פּראָגראַם דאָ קען מען עס נישט דעפינירן.

די לימודים פון פּעדאַגאָגישן כאַראַקטער זענען:

פּסיכאָלאָגיע מיט פּעדאָלאָגיע (קינדער־וויסנשאַפט), גע־שיכטע פון דערציונג ביי פעלקער און ביי יידן, מעטאָדיקעס פון באַזונדערע לימודים, איבערהויפּט ווי מען דאַרף זיי פירן אין די נידעריקערע קלאַסן פון פאָלקשול און לסוף פּראַקטישע לעקציעס און בכלל אַרבעט מיט קינדער.

דער קורס פון פּסיכאָלאָגיע פאַרן ערשטן קלאַס איז אין פאַרנעם פון דעם לערן־בוך וואָס איז איצט אַרויס פון דרוק. דער קורס דאַרף נישט אַזוי פיל געבן די תלמידים די סכומים וויסן וואָס זענען אויף דעם געביט פאַראַן, ווי ער דאַרף זיך באַמען צו געוווינען זען און באַנעמען די פּסיכישע איבערלעבונגען און דערשיינונגען אין לעבן גופא.

געשיכטע פון דערציונג — מהות פון אָרגאַניזירטער און

פון נאַטירלעכער דערציונג ביי חיות און ביי מענטשן, די דער־ציונג ביי די פּאַרציייטיקע גריכן. דערציונג און געזעלשאַפטלעך לעבן. ספּאַרטאַ און אַטען. דערציונג ביי יידן אין דער תנך־תקופה. דאָס קולטורעל־נאַציאָנאַל לעבן פון יידן אין גלות בבל און דאָס איינפלאַנצן דאָס געבראַכטע לעבן אין דער באַנייטער יהודה. קולטור און דערציונג אין דינסט פון פאָלקס לעבן ביי אַלע פעל־קער אין אַלטערטום. יידישע קולטור און שטייגער ווי דער באַזיס פון פאָלקס קיום. די אָרגאַניזאַציע פון פאָלקס־בילדונג אין דער צווייטער העלפט פון בית שני, די נאָרמען וואָס ווערן צוגעשריבן צו יהושע בן גמלא. תינוקות של בית רבן און דער קלאָרער באַוווסטזיין פון זייער ראָל פאַרן קיום האומה. הלכות תלמוד תורה אין תלמודי מעטאָדן און פּראָגראַמען, דער יידישער שטייגער און קולטור ווערן די רעליגיע פון פאָלק (תורה שבעל פה און שבכתב) כדי צו צו העלפן דעם קיום פון פאָלק.

דערציונג אין רוים און ווי זי שטימט מיט דעם גאַנצן שטיי־גער לעבן. דער אָראַטאָר אין רוים און זיין ראָל. קווינטיליאַן, סענעקא.

די קולטור און דערציונג־סיסטעם פון די יידן אין בבל מיט די ישיבות בראש. פאַר וואָס דער ישוב אין בבל האָט פאַר־פלאַנצט אייביקייט פון פאָלק און אַנדערע קיבוצים נישט?

קריסטנטום און דערציונג. די ירידה פון דער קולטור אין אייראָפּע אין אין מיטל־אַלטער די ראָל פון די קלויסטערס. דער־ציונג ביי יידן אין גאַנצן אומאָפּהענגיק פון דער אַרומיקער וועלט, די ישיבות אין אייראָפּע. רש״י. אין שפּאַניע — רמבם און זיין קאָדעקס וועגן דערציונג.

יידישע ליטעראַטור

א) פאַר זיך: שטודירן ווי אין ערשטן יאָר, לייגן אַכט מער אויף פּאָעזיע און אויף קריטיק. פאַרלאַנגען אומבאַדינגט שריפט־לעכע אָפּהאַנדלונגען וועגן די געלייענטע ווערק. טיפן, פּראָ־בלעמען פון יידישן לעבן לויט דער ליטעראַטור. מען דאַרף שטרעבן צו בקיאות אין דער ליטעראַטור. עפנטלעכע פאָרטראָגן פון תלמידים וועגן ליטעראַרישע טעמעס.

די תלמידים מוזן אַליין פּרובירן זייערע כוחות צו שרייבן עסייען, דערציילונגען וכדומה.

ב) דעם לערערס קורס דאַרף זיך פאַרנעמען איבערהויפּט מיט מענדעלען, ווי דער איבערגאַנג פון דער נעגירנדיקער השכלה צו פּאָלקישקייט. סיסטעם פון לייענישן און פאַרטראָגן, קריטיק וועגן מענדעלען און זיין צייט.

פּאָעזיע — ווי אין ערשטן יאָר. אויך דאָ דאַרף מען שטרעבן צו בקיאות.

עסייען — סיסטעמאַטיש באַקענען די תלמידים מיט די גרונטיקסטע ווערק אויף דעם געביט.

שעהן־פּלאַן פאַרן לערער — איין מאָל אין וואָך קאָנטראָל פון פאַר זיך־אַרבעט, איין מאָל — מענדעלע־קורס, איין מאָל — פּאָעזיע און איין מאָל — עסייען.

ג) שפּראַך און סטיליסטיק — געוווּנטשן אַ געשיכטלעכער איבערבליק פון דער אַנטוויקלונג פון יידיש.

ד) געשיכטע פון ליטעראַטור ביי יידן: דאָס פּאַראַלעל לעבן פון צוויי ליטעראַטורן אויף יידיש און העברעיש, דער כאַראַק־טער פון יעדערער באַזונדער. די אַנטוויקלונג פון דער יידישער ליטעראַטור ביז אונדזער צייט.

העברעישע לימודים: תנך, משנה, און גמרא — געקליבענע שטעלן. מען דאַרף זיך באַמיען צו שאַפן אַ מיגלעכקייט צו באַ־קענען די תלמידים מיט דער נאָך־תלמודישער ליטעראַטור, וואָס האָט געשפּילט אַ ראָל אין יידישן לעבן.

מאָדערנע ליטעראַטור — ווי אין ערשטן קורס. זיך באַמיען ביסלעכווייז צו דערפירן די תלמידים צו פאַרשטיין אַליין, און פּרובירן אָפּטער דעם מעטאָד פון לייענישן.

שפּראַך און גראַמאַטיק — ווי אין פאַריקן יאָר.

געשיכטע. פּראָגראַם קומט באַזונדער.

סאָציאָלאָגיע — פּראָגראַם באַזונדער.

פּעדאַגאָגישע לימודים —

פּסיכאָלאָגיע — מאָטיוון, קאָנפליקטן, קאָמפּלעקסן, קינדער־פּסיכאָלאָגיע און פּסיכישע איבערגאַנגען. אַ באַגריף וועגן פּסי־כאָלאָגיע פון קאָלעקטיוון. אייניקע ספּעציפישע שטריכן פון יידישער פּסיכיק.

פּראַקטישע אַרבעטן: אינטעליגענץ־מעסטונג, אָפּהאַנדלונגען וועגן קאָנקרעטע קינדער און זייער כאַראַקטער.

געשיכטע פון דערציונג ביי פעלקער און ביי יידן — ביז דעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט.

מעטאָדיק פון לימודים — פאָרמעלע און מאַטעריעלע צילן פון לימוד, פאַרגלייך מיט אַנדערע שפּראַכן, באַזונדערקייטן, געשיכטע פון לימוד אין יידישע שולן, אויסוואַל מאַטעריאַל פאַר אַלע קלאַסן פון פאָלקשול, פּרינציפּן פון אָפּקלייב. פּראָג־ראַמען פאַר אַלע קלאַסן. צעוויקלונג פון פּראָגראַם לויט די קלאַסן. מעטאָד פון דורכנעמען אַ ווערק אין קלאַס, דידאַקטישע אַרבעטן אויף צוגרייטן פּראָגראַמען, אויסאַרבעטן פּלענער פון לעקציעס און זיי דורכפירן אין די קלאַסן.

יעדער פּראַקטישע לעקציע וואָס אַ תלמיד גיט דאַרף האָבן אַ שריפטלעכן פּלאַן ווו עס איז נייטיק אָנצומערקן דעם ציל פון דער לעקציע, דעם געוויינטן גאַנג און די אויספירן. נאָך דער לעקציע ווערן יעדע וואָך די לעקציעס באַהאַנדלט אויף אַ קאָנ־פערענץ.

## דריטער קורס פון סעמינאַר

זען אַז די וואָס וועלן קריגן אַרבעט אין סעפּטעמבער זאָלן קענען פאַרענדיקן זייערע לימודים אין אויגוסט.

יידישע ליטעראַטור — ווי אין צווייטן קורס, איבערהויפּט לייגן אַכט אויף דער ליטעראַטור פון די לעצטע יאָרצענדליקער אין פּוילן און אַמעריקע.

וואָס מער עסייען, צום באַדויערן קען מען נישט אָנמערקן קיין סיסטעמאַטישע פּראָגראַם פאַר דעם שטודיום פון יידישן געדאַנק כל זמן עס פעלט אויס די געהעריקע סיסטעמאַטישע ליטעראַטור אויף דעם געביט. אויך אין העברעיש פעלט אַ סיסטעמאַטישער קורס פאַר דעם געביט, וועט דעם לערער אויס־קומען צו זוכן. אָבער פאַרפאַלן.

וואָס אָפּטער עפּנטלעכע אַרויסטרעטן פון די תלמידים מינד־לעכע און שריפטלעכע אויף ליטעראַריש־געזעלשאַפטלעכע טע־מעס.

געשיכטע פון ליטעראַטור ביי יידן דערפירן ביז אונדזער צייט.

דער שעהן־פּלאַן ווי אין צווייטן קורס.

העברעישע לימודים. איבערהויפּט ליטעראַטור מיט דעם לערער און אויך פאַר זיך. בעלעטריסטיק געקליבענע, עסייען פון אחד העם און פון ביאַליקן אין אָריגינאַל ווי אויך אַנדערע וואָס דער לערער וועט געפינען פאַר נייטיק און פאַר מיגלעך.

געשיכטע פון אונדזער צייט אין ליכט פון דער פאַרגאַנגענ־הייט. פאַרשיידענע היסטאָריאָסאָפישע סיסטעמען און טעאָריעס

ביי יידן. מאָדערנע באַוועגונגען ביי יידן און זייערע אַנאַלאָגן אין דער פאַרגאַנגענהייט.

סאָציאָלאָגיע —

פעדאַגאָגישע לימודים.

פראַקטיק — עטלעכע שעה אַ טאָג אין קינדער־גאָרטן און אין די קלאַסן לויט אַ באַשטימונג. דער פּראַקטיקאַנט דאַרף פירן נאָטיצן פון זיין פּראַקטיק, אָנפירן מיט גרופּעס קינדער אויסער דער שול. נאָטיצן וועגן דער אַרבעט.

פּראַקטישע לעקציעס ווי אין צווייטן קלאַס, סיסטעמאַטיש, איטלעכער תלמיד דאַרף דורכמאַכן נישט ווייניקער ווי 6 לעק־ציעס אין פאַרשיידענע קלאַסן.

טעאָריע: מאַטעריאַל פאַר די לימודים, לערן ביכער, אָפּ־האַנדלונגען פון די פראַקטישע אַרבעטן.

## יידישע געשיכטע אין לערער-סעמינאַר

### ערשטער קורס

דער אויפקום פון יידישן פאָלק, אויפקום פון פעלקער בכלל, יונגע און אַלטע פעלקער, געבורט און טויט פון פעלקער. אַלץ אויף מוסטערן פון דער אַלגעמיינער געשיכטע. נאָמאַדן־תקופה ביי יידן. דער פאָלקס־עפאָס פון יענער תקופה און ווי ער ענדערט זיך פון תנ"ך ביז דעם תלמוד. דאָס פאַרנעמען כנען, דער אייביקער קאַמף צווישן נאָמאדן און באַזעצטע פעלקער, דאָס לעבן פון די שבטים אין כנען, די אידעאַלן פון משה און דאָס ווירקלעכע לעבן פון די יידן אין דער תקופה פון די שופטים. פונצענטרישע און צוצענטרישע שטרעבונגען ביי יידן אין אַלע תקופות שפּעטער. דער אויפקום פון דער מלוכה, סיבות, נביא און קיניג. א בילד פון ווירטשאַפטלעכן און קולטור־שטייגערישן לעבן אין יענער תקופה.

ב.— צעטיילונג פון מלוכה, סיבות לויטן תנ"ך און די טיפערע. מלכות ישראל אין כסדרדיקן וועג צו קולטור־שטייגערישן אויסגלייכן זיך מיט אַנדערע פעלקער ביי פּאָליטישער פאַרזיכיקייט. דער קולטורל־רעליגיעזער קריזיס און דער אליהו־קאַמף פאַר פאַרזיכיקער יידישקייט. דער מהות פון די ערשטע נביאים נישט ווי געטלעכע שלוחים, נייערט ווי נאַציאָנאַלע קולטור־קעמפער קעגן פרעמדע השפּעות. אליהו דער אייביקער מיטהעלפער פון אויסגעהאַלטענער יידישקייט. דינאַסטיע־קאַמפן, סאָציאלע און קולטורעלע קעגנזאצן און דער אונטערגאנג פּאָליטיש און קולטורעל אויך.

ג.— די אַנדערשקייט פון מלכות יהודה, די מלכות דוד־טראַדיציע. די נביאים אין יהודה, חזקיהו און מנשה, יושיהו׳ס רעפאָרם און דער קאַמף אַרום איר. די פּאָליטישע סיטואַציע

פון יהודה צווישן די „גרויסע", די פּאָליטיק פון די נביאים. ירמיהוס אידעאָלאָגיע, חורבן.

ד.— גלות בבל, די פאָרמען פון נאציאָנאַל־קולטורעלן לעבן אין גלות, נאציאָנאַלע שטימונגען, יחזקאל און ישעיהו דער צווייטער, זייער השפּעה, ווירטשאַפט און נייע פעסטע נאָרמען און געזעצן פון יידיש לעבן, די סופרים און די צונויפזאַמלונג פון דער וואָרט־טראַדיציע. די בענקשאַפט נאָך ציון

ה.— שיבת ציון. די עטלעכע עליות, יידישקייט אין ארץ ישראל און אין גלות בבל, דער אויפטו פון עזרא און נחמיה און זייערע רעליגיעז־קולטורעלע און סאָציאַלע רעפאָרמען, די אויטאָנאָמיע פון דער קליינער קהילה. די סאָציאַל־פּאָליטישע סיבות פאַר דער פאַרזיכיקער אנטוויקלונג, די סופרים און זייער ראָל, די אנשי כנסת הגדולה און די נאָרמירונג פון יידישן שטייגער. די באַציונגען און השפּעה צווישן ארץ ישראל און בבל.

ו.— די גריכישע הערשאַפט. דער העלעניזם אין יהודה, עטלעכע אָפּווייכונגען פון יידישער טראַדיציע און שטייגער אין אנדערע תקופות. אלגעמיינע סיבות און שיכטן וואָס ווערן באַווירקט. די קעגנשיכטן־חסידים און דער קולטור־קאַמף, די סירישע מלוכה ווי א פאַקטאָר אין קאַמף, צוואַנג־אסימילאַציע און דער אויפשטאַנד פון די פאָלקסטימלעכע שיכטן אונטער דעם אָנפיר פון די חשמונאים. עטלעכע מאָמענטן אין אַנדערע צייטן. דער פּאָליטישער און קולטורעלער פועל יוצא פון דעם ניצחון. חנוכה אין דער טראַדיציע און אין דער מאָדערנער יידישקייט. דאָס יידישע לעבן אין דער פאַרזיכיקער יהודה, צדוקים און פרושים און זייערע אידעאָלאָגיעס, עטלעכע ריכטונגען אין אַנדערע צייטן. דער דעקאַדאַנס פון דער חשמונאים־דינאַסטיע, ברידער־קריג. דאָס פאָלק אַנטוישט זיך אין דער דינאַסטיע, און די פרושים באַמיען זיך צו פאַרפעסטיקן יידישקייט אָן דער הילף פון דער מלוכה. א פּאַראַלעל צווישן ירמיהו ביים ערשטן חורבן און די פרושים — ביים צווייטן. לכל הפחות איין פאָרש־אַרבעט לויט מקורים. אַרבעטן פאַר זיך לויט היסטאָרישע ווערק.

א.-- יהודה אונטער רוים. די דינאסטיע־קאַמפן און ביר־גער־קריג אין לאַנד. דער שטייגער לעבן וואָס די פּרושים שטעלן איין. הורדוסעס ממשלה, די רוימישע פּאָליטיק אין לאַנד, די קנאים, באַציונגען צווישן די פּרושים און קנאים ערב דער מילחמה, די לעצטע פּראָקוראַטאָרן, אסיים און אַנדערע סעקטעס ביי יידן, יידן־קריסטן. דער לעצטער אויפשטאנד און דער חורבן. א"י און די דיאספּאָרע צו דער צייט פון חורבן, איבערהויפּט אלעקסאנדריע.

ב.— יבנה און מסדה — צוויי ריכטונגען, דער סנהדרין אין יבנה און זיינע תקנות. די אויפשטאנדן קעגן רוים אין פאַרשידענע פּראָווינצן און די ראָל פון די דאָרטיקע יידן. בר־כוכבא־אויפשטאנד און זיינע רעזולטאַטן, די ישיבות אין גליל און זייערע באַמיונגען אויפצוהיטן דעם קיום פון פאָלק דורך תורה און מעשים, גייסטיק שטייגערישע פאַרזיכיקייט אנשטאט פּאָליטישער, די פאַרבאָטן צו לערנען תורה און צו היטן דעם יידישן שטייגער און ווי יידן קעמפן דערפאַר. די משנה.

ג.— די הערשאַפט פון קריסטלעכער רוים. פאַרפאָלגונ־גען און אויפשטאנדן, תלמוד ירושלמי, דער צענטער אין א"י גייט אונטער. די יידישע דיאַספּאָרע, בבל ווי דער צענטער אונ־טער דער הערשאַפט פון די סאסאנידן. די סאָציאַל־פּאָליטישע באַדינגונגען פון יידישן לעבן אין בבל, די אויטאָנאָמיע און די אָרגאניזאציע פון יידישן לעבן אין לאנד, דער ריש גלותא און די ישיבות, תלמוד בבלי און די ראָל פון בבל אין דער יידישער אייביקייט. חתימת התלמוד (פאַראַלעלן צום חתימת התנ"ך, משנה, ירושלמי).

מוסטערן פון תלמוד ווו עס איז קענטיק דער וועלטבאנעם וועגן יידן און יידישקייט. די גאונים און זייערע שאלות־תשו־בות ווי א פאַקטאָר פון אוניפיקאַציע פון אַלע יידישע ישובים איבער דער וועלט. פאַר זיך אַרבעטן אויף פאַרגעבענע טע־מעס. לעקטור פון געשיכטע־ווערק.

ד.— די אַראַבישע הערשאַפט און יידן אין דער אראבי־שער וועלט. השפעות, רעליגיעזע פילאָסאָפיע, פילאָלאָגיע, סעקטעס, קאַראַימער און זייער געשיכטלעכער גורל, זיינע סי־בות. ענלעכע אונטערגאנגען פון יידישע קיבוצים, אלגעמיי־

נע געזעצן פון אומקום פון יידישע קיבוצים. אין דער אַראַ־ביִשער שפּאַניע, די גאָלדענע תקופה אין דער יידישער קול־טור, דער כאַראַקטער פון דער קולטור, מוסטערן פון דער פּאָעזיע און פילאָסאָפיע — איבן גבירול, יהודה הלוי, אברהם אבן עזרא. פאַרבינדונגען מיט יידן אין אנדערע לענדער, כוז־ריט זאָן דער בריוו פון חסדאי אבן שפרוט.

ה.— יידן אין דער קריסטלעכער וועלט, ביזאַנץ, מערב און צענטראַל־אייראָפּע, ווירטשאַפטלעכע ראָל און פּאָליטי־שער סטאַטוס, די קירך און די יידן, יידן אין קאַרל דעם גרוי־סנס מדינה, קולטור־אויפשוווּנג, פאַרבינדונגען מיט יידן אין אַנדערע לענדער, חכמי לוטר.

ו.— אָנהייב פון אונטערגאַנג, קרייץ־צוגן, די קירך קעגן יידן, גזירות און בילבולים, געטאָ, רעליגיעזע דיספּוטן, אינ־קוויזיציעס, גירוש פראַנקרייך, גירוש שפּאַניע, דער אָנהייב פון יידישע וואַנדערונגען קיין מיזרח.

## דריטער קורס פון לערער-סעמינאַר

א.— גזירות און רדיפות בעת דער רעפאָרמאַציע, פאַראַ־רעמונג פון דער יידישער באַפעלקערונג, די דרייסיק־יאָריקע מלחמה, די העגעמאָניע פון יידנטום וואַנדערט איבער קיין פוילן. אויטאָנאָמיע, פּריווילעגיעס, וועדים און וועד ארבע ארצות, אנאלאָגיעס צווישן דעם ישוב אין פוילן און אין בבל פריער, דער פּאָליטישער און עקאָנאָמישער קאַמף קעגן יידן, גזירת ת״ח ות״ט, דער אָנהייב פון ירידה, גאולה־שטימונגען, משיחיזם, שבתי צבי און פראַנק. דאָס גייסטיקע לעבן פון יידן אין פוילן (לויט דעם יוון מצולה). יידן אין טערקיי, אין האָ־לאַנד, די קולטור פון די ספרדים, ספּינאָזא, אוריאל אַקאָסטאַ, מנשה בן ישראל, די ירידה פון ספרדישן יידנטום.

ב.— די לאַגע פון די יידן אין אייראָפּע ערב דער גרוי־סער רעוואָלוציע. עמאנציפּאַציע און השכלה־באַוועגונגען ביי יידן אין מערב־אייראָפּע. פאַר און קעגן דער השכלה. ענלעכע שטרעמונגען אין פריערדיקע תקופות. נאַפּאָלעאָן און זיין סנ־הדרין. חסידיזם ווי א פאָלקס־באַוועגונג און דער קאַמף צווישן השכלה און חסידיזם, חסידים און מתנגדים. די קולטורעלע און פיזישע ירידה פון יידנטום אין מערב־אייראָפּע און דער קולטור־רענעסאַנס אין מיזרח־אייראָפּע. פאַקטאָרן פון די

דערשיינונגען, סיבות פון ירידות און עליות פון יידישע ישו־בים בכלל. נייע באוועגונגען ביי יידן — סאָציאַליזם, עם־עולם, חיבת ציון, אינעווייניקסטע און דרויסנדיקע פאַקטאָרן. עמי־גראַציע, דער אויפקום פון יידישן ישוב אין אַמעריקע, אַר־גענטינע. ארץ ישראל ביז דער באַלפור דעקלאראציע. יידן און די ערשטע וועלט־מלחמה, יידן אין פוילן צווישן די צוויי מלחמות — פאָליטישער, עקאָנאָמישער און קולטורעלער מצב; יידן אין קאָמוניסטישן רוסלאנד, די שטייגנדיקע ראָל פון ארץ ישראל, די ישובים אין די אַמעריקעס, אין מעקסיקע.

ג.— היטלעריזם אין איראָפּע, די צווייטע מלחמה און דער חורבן. יידישע קיבוצים איבער גאָר דער וועלט.

די ארבעט אין דעם קורס דאַרף גיין איבערהויפּט ווי פאָרש־אַרבעטן לויט מקורים.

# קורס פון סאָציאָלאָגיע פון יידישן פאָלק

## (געפירט פון ט. מייזעל)

א.— אַלגעמיינע ידיעות וועגן דעם געביט, מעטאָדיק פון סאָציאלע וויסנשאַפטן בכלל.

ב.— די באפעלקערונג פון דער וועלט, צעטיילונג, גע־דיכטיקייט, מיגלעכקייטן און גרעניצן, נאַטירלעכע און געשאַ־פענע באדינגונגען.

ג.— יידן אין דער וועלט, סטאַטיסטיק פון יידן אין פאַר־שידענע לענדער, צאָלן יידן אין פאַרשידענע געשיכטלעכע תקופות און די סיבות פון די ענדערונגען. טאַבעלן און דיאַ־גראַמען.

ד.— צעטיילונג פון יידישן פאָלק אויף פאַרשידענע קול־טור־גרופעס: אָריענטאַלישע יידן, ספרדים און אשכנזים. די צאָל־פאַרהעלטעניש צווישן די גרופן אין משך פון דורות. עליות און ירידות פון יידישע קיבוצים און קולטור־גרופעס. צענטערס אין דיאַספאָרע (העגעמאָניע), ארץ ישראל, בבל, שפאניע, מיזרח־אייראָפע, כאראקטעריסטיק פון איטלעכן צענ־טער. אַמעריקע און ארץ ישראל און די טענדענצן פון די קי־בוצים דאָרטן.

ה.— יידן אין אייראָפע. צעטיילונג לויט לענדער, ענדע־רונגען. פאָרמירונג פון דעם מיזרח־אייראָפעישן יידנטום. טאַ־בעלעס, דיאַגראַמעס און קאַרטאָגראַמעס. דער וווקס פון מיזרח־אייראָפעישן יידנטום, זיין ירידה און די סיבות דערפון. מיזרח־אייראָפעישע יידן איבער דער וועלט און זייער ראָל דאָרטן.

ו.— פאַרטיילונג צווישן שטאָט און דאָרף ביי יידן און ביי נישט־יידן, געדיכטקייט פון דער יידישער באפעלקערונג אין פאַרשיידענע לענדער, עקאָנאָמישע און סאָציאלע אונטערשיידן

אין דער אימיגראַציע פון יידן און נישט־יידן אין די אימי־גראַציע־לענדער.

ז. יידישע דעמאָגראַפּיע. אַלגעמיינע ידיעות וועגן דעם גע־ביט בכלל. צוזאַמענשטעל און נאַטירלעכע באַוועגונג פון דער יידישער באַפעלקערונג אין יעדער לאַנד אין פאַרגלייך מיט דער אַרומיקער נישט־יידישער.

ח.— צוזאַמענשטעל פון באַפעלקערונג לויט געשלעכט, לויט עלטער, שטאָט און דאָרף, פּראָפעסיאָנעלע פאַרטיילונג ביי יידן און ביי נישט־יידן און זייער השפעה אויף דעם גע־שלעכט־צוזאַמענשטעל. לענדער פון אויסוואנדערונג און פון איינוואנדערונג און זייער געשלעכט־צוזאַמענשטעל. דוגמאות פון פּוילן, דייטשלאַנד, פאַר' שטאַטן, דרום־אפריקע, מעקסי־קע וכדומה.

ט.— געבירטיקייט און שטאַרביקייט, נאַטירלעכע באַווע־גונג ביי יידן און נישט יידן. קאַטאַסטראָפאַלע פאַלן פון גע־בירטיקייט ביי יידן אין מערב־אייראָפּע, טאַבעלן און פאַרגלייך־דיאַגראַמען. מיזרח־אייראָפּע ווי דער רעזערוואַר פון יידישן פאָלק. קולטור און פיזישע רעפּראָדוקציע פון אַ ישוב. דעמאָגראַ־פישע פּראָבלעמען פון יידישן פאָלק נאָך דער נאַציאָנאַלער קאַטאַסטראָפע. די ראָל פון יונגע יידישע ישובים אין דער רעקאָנסטרוקציע פון יידישן פאָלק.

י. יידישע עקאָנאָמיק, ענדערונגען אין דער סאָציאַל־עקאָ־נאָמישער סטרוקטור פון יידישן פאָלק אין 19־טן י"ה, פּראָ־פעסיאָנעלע און סאָציאַלע דיפערענציאַציע פון יידישן פאָלק

יא. אונטערשיידן אין דער סאָציאַלער סטרוקטור פון יידן אין מזרח און מערב־אייראָפּע.

יב.— די ראָל פון יידן אין דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון מערב־ און מזרח־אייראָפּעישע לענדער. דער אַנטייל פון יידן אין פאַרשידענע קלאַסן און גרופּן. אויפקום פון יידישן אַרבעטער־קלאַס.

יג.— וואנדערונגען אין דער יידישער געשיכטע. סיבות פון עמיגראַציע־באַוועגונגען ביי יידן פאַר די לעצטע הונדערט יאָר. פאָרמירונג פון גרויסן יידישן ישוב אין צפון־אַמעריקע, ארץ ישראל, דרום אַפריקע, קליינע ישובים אויף דעם אַמערי־קאַנער קאָנטינענט.

## לערן-ביכער וואָס ווערן גענוצט אין שול

### 1-טע קלאַסן

שרייבן און לייענען אָן א בוך (אין דערהיים האָבן די קינ־דער „מיין ביכל" פון ציפּע פּרעס).

שפּעטער — „מעשהלעך פאַר קינדער" ערשטער באנד, אַרויסגעגעבן „פון קוואַל" ביי דער יידישער שול אין מעקסי־קע. מעשהלעך פון חומש דערציילט פון לערער אויסווייניק איין מאָל א וואָך. צום סוף פון יאָר ווערט איינגעפירט „חומש פאַר קינדער" פון פאַרלאַג „מתנות".

### 2-טע קלאַסן

מעשהלעך פאַר קינדער 1־טער און 2־טער באנד, אויס־גאַבע „פון קוואַל". הומש פאַר קינדער.

אַרבעטסבוך פאַר יידיש 1־טער טייל, ל. באַיאָן, פאַרלאַג „קרעמערמאַן־פאָנד". פסוקים פון הומש אין העברעיש גע־שריבן פון טאָוול אין די העפטן און געניטונג אין שרייבן און לייענען מיט נקודות.

### 3-טע קלאַסן

מעשהלעך פאַר קינדער 2־טער באנד און געקליבענע דערציי־לונגען פון י. ל. פרץ 1־טער באנד, פאַרלאַג „פון קוואַל" ביי דער יידישער שול אין מעקסיקע.

חומש פאַר קינדער, קיצור פון חומש בראשית אין הע־ברעיש (אין פּראָיעקט אן אייגענע באַאַרבעטונג מיט שפּראַך־איבונגען).

אַרבעטסבוך פאַר יידיש פון ל. באַיאָן, פאַרלאַג פון „קרע־

מערמאן־פֿאַנד" ביי דער יידישער שול אין מעקסיקע 1־טער טייל.

פֿאָעזיע און משלים פֿון שטיינבארג — אַן א בוך, פֿון טאָוול.

## 4־טע קלאַסן

געקליבענע דערציילונגען פֿון י. ל. פּרץ 1־טער באנד,

שלום עליכם „דאָס מעסערל" (פֿאַרלאַג פֿון אַרבעטער רינג)

געקליבענע דערציילונגען פֿון אברהם רייזען (פֿאַרלאג אַרבעט' רינג)

תנ"ך — יהואש 1־טער טייל.

אַרבעטסבוך פֿאַר יידיש 2־טער טייל.

יידישע געשיכטע פֿאַר קינדער פֿון ש. דובנאָוו (נישט דאָס בעסטע וואָס עס וואָלט געדארפֿט זיין).

אגדות — איבערגעזעצט פֿון א. גאָלאָמב און באַארבעט פֿון ל. באַיאַן, 2־טע אויסגאבע פֿון „קרעמערמאן פֿאָנד" ביי דער יידישער שול אין מעקסיקע.

פֿאָעזיע און משלים אַן אַ בוך.

## 5־טע קלאַסן

דערציילונגען פֿון א. רייזען

תנ"ך — יהואש ערשטער טייל.

אגדה ווי אין פֿערטן קלאַס.

אַרבעטסבוך פֿאַר יידיש 2־טער טייל.

יידישע געשיכטע — ש. דובנאָוו.

פֿאָעזיע און משלים — אַן א בוך.

## 6־טע קלאַסן

דערציילונגען פֿון י. ל. פּרץ 2־טער באנד.

תנ"ך־יהואש 1־טער באנד.

אגדות.

ארבעטסבוך פֿאַר יידיש 2־טער טייל.

לידער און פּאָעמען פון ביאַליק (אויסגאַבע פון פאַרלאַג „ליכט" אין מעקסיקע).
משלים — אַן אַ בוך.

# לערן־ביכער פאַר דער מיטלשול

## 1־טע קלאַסן

קידוש השם פון שלום אַש.
תנ"ך־יהואש.
אגדות־בוך.
געשיכטע — דובנאָוו (פאַרקירצט)
ביאַליקס לידער און פּאָעמען.

## 2־טע קלאַסן

קידוש השם, טוביה דער מילכיקער (עס פעלט א גוט קאָרעגירטע אויסגאַבע).
תנ"ך־יהואש.
„הספר" פון פאַלק היילפערן. פאַרלאַג פון „קרעמערמאַן־פאָנד".
ביאַליקס „לידער און פּאָעמען".

## 3־טע קלאַסן

געקליבענע דערציילונגען פון י. ל. פרץ באַנד דריי.
תנ"ך־יהואש.
באַליק־בוך
הספר — פאַלק היילפערין.

## עסייען וואָס זענען פאַרגעלייענט געוואָרן אויף די לעקציעס פון לעקטור אין די עלטערע קלאַסן

זשיטלאָווסקי — בריוו פון א יידישן סאָציאַליסט.
יעקב און עשיו.
ח.נ. ביאַליק — הלכה און אגדה.
פראָפ׳ העשל — דער פוילישער ייד.
היים גרינבערג — יונה הנביא.
יוסף אָפּאַטאָשו — דאָס בוך דורך דורות.
קיום נישט אונטערגאנג.
דר׳ מ. דוואָרזשעצקי — צי ביסטו גרייט מחלל צו זיין דיין יום כיפור? און אַ ריי קלענערע עסייען פון די „שריפטן" בוענאָס איירעס.

## עס פעלן נאָך אונדז שול-ביכער:

א אַנטאָלאָגיע פון יידישער פּאָעזיע צוגעפּאַסט פאַר דער שול.
אַ שול־אויסגאַבע פון אַ. שטיינבאַרגס משלים.
אַן אָנהייבער פאַר העברעיש.
ווייטערדיקע טיילן פון דעם אגדות־בוך.
אַ שול־אויסגאַבע פון שלום עליכמס ווערק.
נאָך איין באנד פון פּרצעס דערציילונגען (מסירת נפש, יוחנן וואַסערטרעגער, שמחה שבשמה, די גאָלדענע קייט — די אַרגענטינער אויסגאַבע איז פול מיט גרייזן און נישט דער בעסטער נוסח).
אַ געקליבענער באנד סוגיות פון תלמוד.
אַ ביבליאָטעק ווערק פון דער נאָך-תלמודישער יידיש־פילאָסאָפישער ליטעראַטור ספּעציעל אָפּגעקליבן און רעדאקטירט פאַר דער יוגנט.
א באנד געהעריקע דערציילונגען פון אנדערע שרייבער און
אַ זאַמלונג געהעריק צוגעקליבענע און רעדאקטירטע ביכער פאר דעם פאַרזיך־לייענען פון די קינדער.